N75

ספר

# מוסר השכל

הערויס גיגעבין פון

**איזראעל עפל ווייץ מאבהלים**

**ווילנא**

# ספר

# מוסר השכל

הערויס גיגעבין פון

## איזראעל עפל ווייץ מאבה לים

פיל חכמה פיל מוסר, פיל קלוגע און פרומע רייד
הערויס גינומען פון חובת הלבבות: פון מנורת המאור.
פון שבט מוסר. פון מסלת ישרים. און פון נועם המדות.
און פון אנדערע הייליגע און טייערע ספרים. און צום
סוף אצוואה פון אחכם. געשריבין מיט גרויס חכמה.

108

ווילנא
אות האלמנה והאחים
ת תרמ״ד לפ״ק

МУСАРЪ ГАСКЕЛЪ.
Афоризмы изъ разныхъ правоучительныхъ еврейскихъ книгъ, на еврейско-нѣмецкомъ языкѣ.

Съ Виленскаго изданія 1882 г.
1884.

װער עס הָאט אין הַארְצִין גָאט
תּוֹרָה חָכְמָה וָוער אִין זִיךְ הָאט

אַלֶע וָואש ווילִין קֶענֶען אונ פַארְשְׁטֵיין
יוּנְג אונ אַלְט גְרוֹישׁ אונ קְלֵיין

וֶועלִין גֶעווִיס הָאבִּין גְרוֹישׁ פֶּערְגֶענִיגִין
אַז זֵייא וֶועלִין דָאס סֵפֶר קְרִיגִין

אונ וָועלִין גֶערִין זַיין אַמְצְוָה פַארְדִינֶען
אִים דוּרְךְ לֵייעֶנֶען אונ נוּץ דָא גִיפִינֶען ,



# הקדמה

ראיתי זקנים וחסידים מאנשי תורתנו כשיהיו במסבה וירצה אדם לשיר שיר ערבי ירחיקו זה בכל צד מן ההרחקה ואין מותר אצלם לשמעו. וכשישורר המשורר פיוט מן הפיוטים העבריים עם היות בדברים ההם המוזהר והנמאס מהם לא ירחיקוהו ולא ירע בעיניהם וזה סכלות גמורה שהדבור לא יֵאָסֵר ויותר וְיֵאָהֵב וְיִמָּאֵס ויצוה באמירתו מצד הלשון שנעשה, אבל מצד ענינו שאם יהיה הענין ההוא מעלה יתחיב לאמרו באיזה לשון שיהיה ואם תהיה כונת השיר ההוא פחיתות באיזה לשון שיהיה אסור לאמרו (הרמב"ם ז"ל בפירושו למסכת אבות).

כמופת היה לי הרב רמ"ם ז"ל, וספריו ודבריו היו לי לעינים. אותו ראיתי בדורותיו. גבר תמים דעים, ונאמן בכל בתי הנפש. חכמה חדשה כי תצא מאתו, כל קוראיה לא יכירוה, כי בְּלָעַתָּה תורתו, וַתִּתְקַדֵּשׁ בה לעיניהם. יותר שהיה הרמ"ס חכם, עוד למד דעת, את עניי עמו, וידבר עמם ככתבם וכלשונם. כי העתיק להם את משלי שלמה, לשפת לועז, אשר ידברו בה, איש אל רעהו, וגם שפה בלולה זאת, היתה לשפה ברורה בפיהו. באשורו תאחז רגלי, ומי ישים נפשי אשם ?, כמוהו אבחר לשון ערגמים, ומי זה יכלימני.

## דברי תבונה

גָעלְט אִיז אַלֶע מָאל גִיוֶוען אַזַאךְ, אוּנ הַיינְטִיגֶע צַייטִין נָאךְ מֶער. שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ ע"ה הָאט גִיזָאגְט (הכסף יענה את הכל) גָעלְט פַאר עֶנְטְפֶערְט אַלְס דִינְג. דִיא גְמָרָא זָאגְט (כסף מטהר ממזרים), דוּרְךְ גֶעלְט, וֶוערְט אַמַמְזֵר אוֹיךְ אַמְיוּחָס. דַארִיבֶּער, אִיז דֶער יצה"ר פוּן גֶעלְט זֵייעֶר שְׁטַארְק. אֲפִילוּ גַאנְץ קְלוּגֶע, גַאנְץ פְרוּמֶע מֶענְטְשִׁין, אַז עֶס קוּמְט צוּם גְרָאשִׁין, קֶענֶען זֵייא נִיט בַּייא שְׁטֵיין, מֶען זוּכְט זִיךְ אַהֶיתֵּר, אוּנ אַז מֶיזוּכְט גִיפִינְט מֶען. מֶען מַאכְט בַּייא זִיךְ רֶעכְט דִיא גְרֶעסְטֶע עַוְלָה. אוּנ וֶוער שְׁמוּעֶסְט יֶענֶעם מְקַפֵּחַ פַּרְנָסָה זַיין, רַיידִין שְׁלֶעכְץ אוֹיף יֶענֶעמְס סְחוֹרָה, אָפּ רַיידִין יֶענֶעמְס סוֹחֲרִים, אוּנ נָאךְ אֶזֶעלְכֶע זַאכִין, אוּנ אוֹיף אַלְץ אִיז אַיין תֵּירוּץ, וָואס זָאל מֶען טָאן, פַּרְנָסָה אִיז לִיבּ, מֶען דַארְף מְפַרְנֵס זַיין וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער. לִיבֶּער פְרַיינְד. אִיךְ גְלוֹיבּ דִיר, עֶס אִיז אַלְס אֶמֶת. פַּרְנָסָה אִיז טַאקֶע לִיבּ, וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער בֶּעטִין טַאקִי וָואס מֶען דַארְף, אוּנ מֶען מוּז זֵייא גֶעבִין. נָאר מֶען דַארְף נִיט פַאר גֶעסִין, אַז דֶעם אַנְדֶערִין אִיז אוֹיךְ פַּרְנָסָה לִיבּ, דֶער אַנְדֶערֶער הָאט אוֹיךְ וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער,

אונ דארף זייא מפרנס זיין . ווייל פרנסה איז זייער ליב
אונ טייער , דעריבער איז דאס פארבינדין מיט זייער פיל
עבירות. אין זיבע פרובטין , פאר פירין זיך גיבער ווערים .
קורץ דער פון, דער יצה״ר פון געלט , איז איין אייזערנער.
אשטיינערנער , מען דארף האבין גרויס כח , אים צוא
ברעכין . דאש רוב מענטשין , זיינען ניט קיין גנבים ,
ניט קיין בייטיל שניידער , נאר דעם טעם פון גנבה, ווייס
כמעט איטליבער . מען זוכט זיך פארדינקט , דורך דעם
אנדערינס שאדין . איבער אייגענעם קליינעם ריוח , איז
מען מפקיר יענעמס גרויסין היזיק. דעריבער מוז מען, זייער
אונ זייער , אויף זיך אכטונג געבין , אין געלט זאכין .
טויזינטער שאלות מאכין זיך איאר , אין איטליבער
אידישער שטאט , וועגין כשר אונ טריף, מען פרעגט
אויף אכלי , אויף אגיקעכטס , אויף איין אשה . אויף
אגראשין אבער , טרעפט זייער זעלטין , אדער אפשר גאר
ניט , איינער זאל קומען פרעגין ביין רב , ביין מרא
דאתרא , אט דעם גראשין וואש איך האב , צוא איז ער
אכשרער . דער גראשין איז דער פראבירשטיין , זאגט
דיא גמרא. בייא אים, קען מען דעם מענטשין דר קענען :
קנאה איז זייער אשלעכטע מדה . זיא שאט זיך , זיא
שאט דעם אנדערין , זיא שאט דער תורה , זיא
שאט דער חכמה . דער בעל מקנא איז שטענדיג ניט

צופְרִידִין, שְׁטֶענְדִיג אִין כַּעַס אוּנ בְּרוֹגֶז . אַלֶע מוּסָר סְפָרִים, הָאבִּין גִיזוּכְט מִיטְלֶן , וִויא מְבַטֵל זַיין , דִיא מִדָּה רָעָה פוּן הַארְצִין . אַלֶע הָאבִּין גִיגֶעבִּין צוּ פַאר שְׁטֵיין וִויא קִנְאָה אִיז אַגְרוֹיסֶע עֲבֵירָה . וִויא זִיא קָען אָפְּט צוּ פִירִין דָעם מֶענְטְשִׁין צוּם גְרֶעסְטִין אוּמְגְלִיק . דֶערִיבֶּער אִיז גְרֶעכְט וֶוענִין אִיר אַבִּיסִיל מַאֲרִיךְ זַיין אוּנ בַּאטְרַאכְטִין זִיא פוּן אַלֶע זֵייטִין :

אַלְס וָואס אַמֶענְטְשׁ דַארְף אוּנ מוּז הָאבִּין , הָאט עֶר , דָאס רוֹב , אַלֶע מֶענְטְשִׁין הָאבִּין צְוֵויא אוֹיגִין , צְוֵויא אוֹיעֶרִין , צְוֵייא הֶענְט , צְוֵויא פִּיס . אַלֶע הָאבִּין פְרִישֶׁע לוּפְט , אַלֶע הָאבִּין רֵיינֶעם וַואסֶער . דָאשׁ רוֹב הָאבִּין אַלֶע וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער,פְרֵיינְד אוּנ בֶּעקַאנְטֶע . אַלֶע הָאבִּין בְּרוֹיט אוּנ זַאלְץ, גִיט טַייעֶר . אִיטְלִיכֶער מֶענְטְשׁ , הָאט דִי זוּן בַּיי טָאג, אוּנ פַייעֶר בַּייא נַאכְט, אוֹיף לַייכְטִין. אִיטְלִיכֶער מֶענְטְשׁ הָאט אַקָאפּ צוּ פַארְשְׁטֵיין , אוּנ אַהַארְץ אוֹיךְ צוּ פִילִין , אוּנ נָאךְ טוֹיזִינְט אַזֶעלְכֶע וִויכְטִיגֶע זַאכִין, פוּן וֶועלְכֶע דֶער מֶענְטְשׁ , הָאט הֲנָאָה אוּנ נַחַת . אַזֶעלְכֶע זַאכִין אוּנ פֶערְגְנִינִיגִינְס , וֶועלְכֶע מֶען קָען זֵייא נִיט שַׁאצִין מִיט גֶעלְט , אוּנ מֶען וָואלְט זֵייא נִיט גִיבִּיטִין אוֹיף אַגַאנְצֶע מְלוּכָה . לָאז מֶען גֶעבִּין אַמוּטֶער , פַאר אִיר אֵיינְצִיגֶע קִינְד , דָאס גַאנְצֶע עֶנְגִילְשֶׁע קֶענִיגְרַייךְ , וֶועט זִיא אוֹישׁ לָאכִין דָער פוּן . לָאז מֶען גֶעבִּין אַמֶענְטְשֶׁען ,

ראָטשילדס פּערמעגען פאר זיינע צוויא אויגן, וועט ער געוויס ענטפּערן, בעסער זיין אַוועהענדיגער בעל הבית, איידער אַבּלינדער גביר. און דיא דאָזיגע אַלע טייערע און וויכטיגע זאכין, מאכט דער מענטש אַוועק הינטער דער האַנט, און זאָרגט, און קלערט, מיט האַרץ וויייטיג, מיט גרויס פערדרוס, וועגין עפּעס אַקליינקייט, וואס אים פעלט, אַנטקעגין דעם אַנדערין, יענעמס ביסל רייכקייט, יענעמס ביסעל שיינהייט, יענעמס ביסל כבוד, פר ברענט זיין גאנץ האַרץ. ברענט, און ווערט ניט פאר לאָשין. זייא ניט קיין נאר, נאַרישער בעל מקנא. דאַרפסט וויסין, אַז כמעט איטליבער אויף דער וועלט, האט זיינע מכות, זיינע וואונדין, זיינע צרות, און זיינע יסורים. אויפין שטייגער האט זיך דיר געטראָפין, וויא מיר צו זעהען, אַטערקעשין, אָדער אַפּערזישין אידין מיט אַגרויסען רויטין שאל, פאר בונדין דעם קאָפּ, און רעט אויס אַתיו וויא אַתיו, און אַקמץ וויא אַפּתח, און דער ציילט אויף לשון קודש, מעשיות, און נייעסין, וואס זיינען ניט געשטויגין ניט געפלויגין. און לסוף, האט מען דער גאַנגען, אַז ער איז גאר ניט פון ארץ ישראל, און ניט פון כרם, ער איז אַפּשוטער רוסישער איד, אַשוחט, אַחזן פון אַקליין שטעטיל. און דיא פאַטצייליע, מיט דיא הויזין, דער תיו, מיט דיא מעשיות, זיינען דורך אן שטעלין. תאפין

רוּךְ דֶעם, אַגְרֶעסֶערֶע נְדָבָה. דָאשׂ רוֹב מֶענְטְשִׁין, בִּפְרַט אִין אוּנְזֶערֶע צַייטֶן, זַיינֶען אֶט אַזֶעלְכֶע טֶערְקִין. זֵייעֶרֶע דִירוֹת זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער, זֵייעֶר מֶעבִּיל, אוּנ זֵייעֶרֶע רֵייד, אִיז פַאלְשׁ גִימַאכְט, אַהוֹילֶער אָן שְׁטֶעל. אֶמֶת יֶענֶער הָאט אַגְרוֹיסִין מוֹיֶער, עֶר אִיז אָבֶּער פַאר זֶעצְט, אֶמֶת יֶענֶער הָאט זִיךְ גִימַאכְט אַנַייעֶ קְלֵייד, נָאר פְרֶעג זִיךְ גוּט נָאךְ, אִיז עֶר נָאךְ שׁוּלְדִיג אִין קְלֵייט, פַארִין אַלְטִין. יֶענֶער הָאט אַפְּרוּם וַוייבּ, עֶר וֶוערְט אָבֶּער אוֹיס גִירִיסִין פוּן אִיר, יֶענֶער אִיז זֵייעֶר רַייךְ, עֶר הָאט אָבֶּער אַבְּרוּכְט פֶעהְלֶער. יֶענֶער אִיז זֵייעֶר גִיזוּנְד, קֵיין קִינְדֶער אָבֶּער הַאלְטִין זִיךְ בַּייא אִים. יֶענֶער הָאט שֵׁיינֶע קִינְדֶער, זֵייא בְּרֵיינְגֶען אִים אָבֶּער אוֹישׂ. דֶער כְּלַל אִיז, נִיט אַלְץ וָואס בְּלִיכְצֶעט אִיז גָאלְד. נִיט אַלְץ וָואשׂ גִיפּוּצְט אִיז רַייךְ. דֶער הָאט אָרֶעמֶע קְרוֹבִים, דֶער הָאט בְּלוּט שׂוֹנְאִים, דֶער הָאט אַזוֹ אַיין אוּמְגְלִיק, דֶער הָאט אַזוֹי אַשְׁלַאק, פוּן וֶועלְכִין מֶען מוּז לַיידִין. אוּנ דָאשׂ רוֹב צָרוֹת, זַיינֶען בַּאהַאלְטִין אוּנ פֶערְבָּארְגִין, אוּנ פַאר גְרָאבִּין וָואשׂ קֵיינֶער ווייס נִיט פוּן זֵייא, נָאר דֶער אַלֵיין, וֶוער עֶשׂ הָאט זֵייא. בִּישְׁטוּ אֵיינֶעם מְקַנֵּא, קֶען זֶע אִים גוּט, פְרֶעג זִיךְ גוּט נָאךְ, אוֹיף אַלֶע זַיינֶע אוּמְשְׁטֶענְדִין, וֶועסְטוּ זֶעהֶען, וִויא נַארִישׁ דַיין קִנְאָה אִיז. אוּנ אַז דוּא וֶועסְט זוֹכֶה זַיין הָאבִּין אִין זִיךְ דִיא מִדָּה, וֶועט זִיא דִיךְ אָפּ הַאלְטִין, נָאךְ פוּן אַיין עֲבֵירָה,

דוּא וָועסְט זִיךְ גִיווִיס אָפּ הִיטִין, פוּן צוּא בַּארֵייַדִין יָענֶעם.
יֶענֶער אִיז לְמָשָׁל טַאקִי אַגְרָאבֶּער יוּנְג, נָאר וָואס אִיז עֶר
שׁוּלְדִיג, מֶען הָאט אִים נֶעבֶּעךְ נִיט גִילֶערְנְט, יֶענֶער קֶען
נִיט, אוּנ וֵויים נִיט, וְוִיא צוּ בַּאגֵיין זִיךְ מִיט מֶענְטְשִׁין,
אוֹיף דָער נַייֶער מָאדֶע, וַוייל עֶר אִיז פוּן דֶער אַלְטֶער
וָועלְט. יֶענֶער הָאט אִין גִישֶׁעפְט אַיין קְרוּמֶע קָאפּ, וַוייל
דָאס גְלִיק שְׁפִּילְט אִים נִיט, יֶענֶער גִיט וֵוייניג צְדָקָה,
אֶפְשַׁר דַארְף עֶר נֶעבֶּעךְ אַלֵיין נֶעמֶען צְדָקָה. יֶענֶער אִיז
שְׁטַארְק נִיט פְרוּם. וַוייל עֶר הָאט בַּייא זַיין פָאטֶער אַזוֹי
גִיזֶעהֶן, יֶענֶער אִיז אַגְרוֹיסֶער נַאר, וַוייל עֶר אִיז נִיט קְלוּג,
יֶענֶער אִיז נִיט עֶרְלִיךְ, נָאר עֶרְלִיכֶער פוּן דִיר. יֶענֶער אִיז
אַלִיגְנֶער, נָאר נִיט וְוִיא דוּא. יֶענֶער אִיז אוּנְגִירֶעכְט
אַנְטְקֶעגִין יֶענֶעם וַוייל דוּא בִּיזְט יֶענֶעם אַגוּטֶער פְרַיינְד,
אָדֶער דֶעם אַשׂוֹנֵא. פֶערְקְלֶענֶער נִיט וָואס דוּא הָאסְט,
פַארְגְרֶעסֶער נִיט, וָואס דֶער אַנְדֶערֶער הָאט, דַיינֶע
חֶסְרוֹנוֹת נִיט פַאר גֶעס, וָועסְטוּ דֶעם אַנְדֶערִינְס נִיט
גִידֵיינְקֶען, שַׁאץ וְוִיא מֶען דַארְף, וָואס בַּייא דִיר אִיז.
זַייא צוּ פְרִידִין מִיט דַיינֶעם, וָועסְטוּ יֶענֶעם נִיט מְקַנֵא זַיין:
כַּעַס אִין אַמֶענְטְשִׁינְס הַארְץ, אִיז וְוִיא אַפַייֶער אִין טְרוּקֶנֶע
שְׁטְרוֹיא. דֶער כַּעַס, לֶעבְּט נִיט אַלֵיין, אוּנ לָאזְט
אַנְדֶערֶע אוֹיךְ נִיט לֶעבִּין. דֶער כַּעַס אִיז גְרֵייט חָרֵב צוּא
מַאכִין פְּשׁוּט דִיא גַאנְצֶע וָועלְט, פַאר דֶער מִינְדֶסְטֶער

קְלֵיינִיקַייט, וָואשׂ מַאכְט זִיךְ נִיט וִויא עֶר ווִיל. אִים קֶען קֵיינֶער נִיט לַיידִין, אֲפִילוּ זַיינֶע אֵייגֶענֶע הוֹיז לַייט, מֶען הַאלְט אִים פַאר אַמְשׁוּגֶענֶעם. קֵיינֶער קֶען זַיינֶע שִׁגְעוֹנוֹת נִיט אִיבֶּר טְרָאגִין. אוֹיךְ זַיין אֵייגֶען וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער, אוּנ קֵיינֶער אִיז נִיט שׁוּלְדִיג, נָאר עֶר אַלֵיין. בִּשְׁעַת כַּעַס, טוּט זִיךְ פוּן אִים אָפּ מוֹרָא פַאר גָאט, אוּנ בּוּשָׁה פַאר לַייטִין. דָאשׂ רוֹב, אִיז כַּעַס פַאר בּוּנְדִין מִיט גַאֲוָה אִין אֵיינֶעם. אַז דֶער מֶענְטְשׁ וָואלְט פַאר שְׁטֵיין, וִויא דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט בַּאטְרֶעפְט אַגָאר נִישְׁט, אוּנ וִויא פִיל עֶר בֶּעטְרֶעפְט אִין דֶער וָועלְט, וָואלְט עֶר פוּן זִיךְ גִיוִוים נִיט גִיהַאלְטִין. אוּנ אִים וָואלְטִין נִיט רִירִין, דִיא אַלֶע קְלֵיינֶע פַאר דְרָאסִין, וָואשׂ מַאכִין זִיךְ אִין לֶעבִּין. דֶער צוּא אִיז אַמִיטִיל, דֶער מֶענְטְשׁ זָאל שְׁטֶענְדִיג גִידֵיינְקֶען, זַיין יִחוּס בְּרִיף. דוּרְךְ וָואשׂ עֶר אִיז הֶערוֹיס גִיקוּמֶען אוֹיף דֶער וָועלְט, אוּנ וָואשׂ פוּן אִים וָועט וֶוערִין אִין אַקְלֵיינֶע צַייט אַרוּם, אוּנ וָואס פַאר אַפָּנִים עֶר וָועט הָאבִּין, אַז עֶר וֶועט קוּמֶען אַהִין, וואוּ עֶס אִיז אַלְם הֵיילִיג אוּנ רֵיין, פֶערְפְלֶעקְט אִין עֲבֵירוֹת, פֶערְשְׁמוּצְט אִין חֲטָאִים. אוּנ וֶועט מוּזִין נִיט ווִילִינְדִיג רֶעכֶענוּנְג גֶעבִּין אוֹיף אַלֶע זַיינֶע מַעֲשִׂים. טָאמֶער וֶועט דֶער יֵצֶר הָרַע דִיךְ אַיין שְׁמוּעֶסִין, אַז נָאכִין טוֹיט אִיז שׁוֹין גָאר נִישְׁט, עֶס אִיז נִישְׁטָא פַאר וָואס מוֹרָא צוּ הָאבִּין. זָאלְסְטוּ אִים עֶנְטְפֶערִין, וִויא אוּנְזֶערֶע חַכְמֵי

הַמִשְׁנָה

הַמִּשְׁנָה הָאבִּן גִיעֶנְטְפֶערְט . אַזוֹי וִויא מֶען הָאט זִיךְ בַּייא מִיר נִיט אָן גִיפְרֶעגְט פְּרִיעֶר , אַז מֶען הָאט מִיךְ אַרוֹיס גִירוּפִין גֵיין לֶעבִּין אוֹיף דֶער וָועלְט , אוֹיבּ אִיךְ וִויל אָדֶער נִיט , אוּנ אַזוֹי וִויא דֶער טוֹיט , וָועט מִיךְ צוּ חַאפִּין , אָן מַיין יְדִיעָה , אוּנ אָן מַיין הַסְכָּמָה . אַזוֹי וָועט מֶען מִיךְ בְּרֵיינְגֶען צוּם דִין , אוֹיךְ נִיט גִיפְרֶעגְטֶער הֵייט , צוּא גְלוֹיבּ אִיךְ דֶערִין אָדֶער נִיט . וָוען גַאֲוָה , אָדֶער כַּעַס , שְׁפַּארְט אָן . זָאל מֶען הָאבִּין אַזוֹי אֶרעבֶּענוּנְג , וָועט דַאכְט זִיךְ הֶעלְפִין . אִיבֶּער הוֹיפְּט , דַארְף מֶען זַיין שְׁטַארְק גִיהִיט , פוּן צוּ הֶערִין פַאלְשֶׁע חֲנִיפוֹת , פוּן אֵייגִינֶע מֶענְטְשִׁין , פוּן פְרַיינְד , פוּן מְשָׁרְתִים , וָועלְכֶע הָאבִּין לִיבּ צוּא לוֹיבִּין , אוּנ אוּנְטֶער שְׁמֵייכְלֶען זִיךְ , מִיט לִיגִין , מִיט נַארִישְׁקַייט . דִיא רֵייד , פִירִין אִיבֶּער דֶעם מֶענְטְשִׁין . וָוארוּם חֲנִיפָה אִיז זִים , עֶר לָאזְט זִיךְ אַיין שְׁמוּעֶסִין , אוּנ גְלוֹיבְּט זֵייא . נֵיין נֵיין בְּרוּדֶער , וָוער קָען דִיךְ מֶער קֶענֶען וִויא דוּא אַלֵיין ? הֶער נִיט פְרֶעמְדֶע , הֶער זִיךְ . וָועג רִיכְטִיג אִיבֶּר , דַיינֶע מַעֲלוֹת אוּנ חֶסְרוֹנוֹת , אוּנ הָאבּ אִין זִין שְׁטֶענְדִיג , אַז עֶס אִיז דָא אַיין אוֹיג וָואס קוּקְט אוֹיף דִיר , אַיין אוֹיעֶר וָואס הֶערְט אַלְץ , אוּנ אַלֶע דַיינֶע רֵייד , אוּנ דַיינֶע מַעֲשִׂים , גִידֵיינְקְט מֶען , אוּנ מֶען פַאר גֶעסְט נִיט . דֶער וָואס יָאגְט זִיךְ נָאךְ , נָאךְ כָּבוֹד , פַאר יָאגְט דֶער כָּבוֹד אִים פוּן דֶער וָועלְט . אִיבֶּער פַאלְשִׁין כָּבוֹד , עָרְנִידְרִיגְט זִיךְ אָפְּט

אמענטש

אַמֶענְטְשׁ, אַזוֹי טִיף, אַז עֶר פַאר גֶעכְט נָאר אויב עֶר אִיז אַמֶענְטְשׁ. וִויא פִיל זַיינֶען דָא מֶענְטְשִׁין, וֶועלְכֶע גֵייעֶן אִין דִיא הַייזֶער, שְׁטֵייעֶן אִין דִיא טִירִין אונ בֶּעטְלֶען, אונ שֶׁעמֶען זִיךְ מִיט אַמְלָאכָה. אָט, וִויא וַוייט כָּבוֹד קָען פַארְבְּלֶענְדִין אַמֶענְטְשִׁין. נִיט אַזוֹי לֶערְנֶען אוּנְז אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים, זַייא זָאגִין, בֶּעסֶער צוּ זַיין אַשִׁינְדֶער אִין מִיטִין גַאס, אֵיידֶער אָן קוּמֶען צוּא צְדָקָה נֶעמֶען חָלִילָה. טִיא וֶועלְכֶע מְלָאכָה עֶס אִיז, אוּנ זָאג נִיט, פַאר אַזוֹי אַלַמְדָן, פַאר אַזוֹי אַמְיוּחָס וִויא אִיךְ בִּין, פַּאסְט דָאשׁ נִיט:

דְרַייא מָאל אִין טָאג, בֶּעטִין מִיר השי"ת עֶר זָאל אָפּ הִיטִין אוּנְזֶער צוּנג פוּן שְׁלֶעכְטְשׁ. דִיא גְמָרָא זָאגְט, אַשְׁלֶעכְט וָוארְט פוּן רְכִילוּת פוּן לָשׁוֹן הָרָע, אִיז וִויא אַפַייל. מֶען זָאגְט עֶס דָא, אוּנ עֶס שִׁיסְט דָארְטִין. וִויא פִיל מָאל שִׁיסִין מִיר מֶענְטְשִׁין אוּמְזִיסְט, מֶענְטְשִׁין וָואס הָאבִּין אוּנְז קֵיין מָאל קֵיין רָעָה נִיט גִיטָאן. מִיט אַלִיצָנוּת, מִיט אַוֶוערְטִיל, בַּאגְרָאבִּין מִיר אָפְט אֵיינֶעם פוּן אוּנְזֶערֶע פְרַיינְד, טִיף אִין דֶער עֶרְד. דוּרְךְ אַשְׁטָאךְ וֶוערְטִיל, וָואשׁ מִיר זָאגִין אוֹיף דֶעם אַנְדֶערִין, קָען יֶענֶער אָן וֶוערִין, זַיין כָּבוֹד, זַיין קְרֶעדִיט, זַיין מֶענְשַׁאפְט. אֵיינֶער זָאגְט, דֶער אַנְדֶערֶער זָאגְט נָאךְ, דֶער דְרִיטֶער דֶער צֵיילְט וַוייטֶער, בִּיז עֶשׁ הוֹיבְּט אָן אַרוּם גֵיין וִויא אַמַגֵּפָה, נָאךְ דֶעם הָאט מֶען אַליין חֲרָטָה, עֶשׁ אִיז

אבער

אָבֶער צוּ שְׁפָּעט . דַארִיבֶּער מוּז מֶען זִיךְ הִיטִין אַרוֹיש לָאזִין אַשְׁלֶעכְט וָוארְט וֶוענִין דֶעם אַנְדֶערִין . אוּנ פְרִיעֶר גוּט בֶּעטְרַאכְטִין, וָואשׁ דֶער פוּן קֶען וֶוערִין . דֶער צוּנג אִיז וֵוייךְ אוּנ עֶר צֶבְּרֶעכְט בֵּיינֶער . הָאט שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ ע״ה גִיזָאגְט . לֶעבִּין אוּנ טוֹיט , זַיינֶען בַּייא אִים אִין דֶער הַאנְד . דִיא גְמָרָא דֶער צֵיילְט , ר׳ יַנַאי פְלֶעגְט אַרוּם גֵיין, אוּנ אוֹיס רוּפִין , וֶוער וִויל לֶעבִּין , וֶוער וִויל לֶעבִּין , אוּנ אַז אַלֶע הָאבִּין צוּ אִים אַיָאג גִיטָאן, הָאט עֶר זֵייא גִיעֶפִינְט אַתְּהִלִים , אוּנ הָאט גִילֵייעֶנְט , וֶוער עֶשׁ וִויל לֶעבִּין , אוּנ וִויל הָאבִּין גוּטֶע טֶעג אוּנ יָארִין , זָאל הִיטִין זַיין צוּנְג פוּן שְׁלֶעכְץ אוּנ זַיינֶע לִיפִּין פוּן צוּא רֵיידִין פַאלְשְׁקַייט . לִיגְנֶער , זַיינֶען דָא פִיל עֶרְלֵייא אוֹיף דֶער וֶועלְט , אַנַאנְדֶערֶער אִיז אַפְּרָאסְטֶער לִיגְנֶער , עֶס אִיז אִין אִים נִישְׁטָא אַוָואר וָוארְט . אַנַאנְדֶערֶער זָאלְצְט צוּ דֶעם אֶמֶת , מִיט אַבִּיסְל לִיגִין , כְּדֵי עֶשׁ זָאל מֶער טַעַם הָאבִּין , אַנַאנְדֶערֶער נִיצְט דֶעם לִיגִין , נָאר בַּייא אַנוֹיט . נָאר וִויא דִיא מַעֲשֶׂה אִיז , דָאשׁ רוֹב מֶענְטְשִׁין זַיינֶען דָאךְ לִיגְנֶער , אוּנ דִיא גִיוואוֹנְהַייט אִיז אַזוֹי שְׁטַארְק , אַז עֶס אִיז זֵייעֶר שְׁוֶוער , זִיךְ אָפּ צוּא גִיוֵוייגְעֶן פוּן דֶעם . עֶס אִיז טַאקֶע אַגְרוֹיסֶר קוּנְסְט , צוּ רֵיינִיגִין רֵייד פוּן לִיגִין . אַז פוּן מוֹיל זָאל אַרוֹיס דִיא זַאךְ , וִויא עֶשׁ אִיז . נָאר אַז דֶער מֶענְטְשׁ זָאל זִיךְ בַּארֶעכֶענֶען . דִיא חַרְפָּה , אוּנ דִיא בּוּשָׁה , וָואשׁ

מֶען הָאט אָפְּט דורךְ אַלִיגִין . אַז אֵיינֶער דָער צֵיילְט אִין
דִיא אוֹיגִין אַנְדֶערְשׁ , אָדֶער פַאר קָערְט , וָועט עֶר זִיךְ
הִיטִין , אוּנ וָועט נִיט וָועלִין צָאלִין אַזוֹי מַייעֶר , פַאר אַזוֹי
אַקְלֵיינֶע הֲנָאָה :

אִיטְלִיכֶער מֶענְטְשׁ , אוּנ בִּפְרַט אַלְמְדָן , אַגִילֶערִינְטֶער ,
מוּז אַרוּם גֵיין אַרוּם זִיךְ רֵיין אוּנ שֵׁיין , נִיט
פַאר שְׁמוּצִיג , נִיט פַאר פְלֶעקְט . דִיא גְמָרָא זָאגְט
אַגִילֶערִינְטֶער מֶענְטְשׁ , אַז עֶר גֵייט שְׁטֶענְדִיג פַאר שְׁמוּצְט ,
אִיז נִיט וָוערְט וָואס עֶר לֶעבְּט אוֹיף דֶער וָועלְט . נָאר צוּ
פִיל פוּצִין זִיךְ , אִיז אוֹיךְ נִישְׁט . דָאשׁ בְּרֵיינְגְט צוּ פִיל
שְׁלֶעכְטֶע מִדוֹת . אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים הָאבִּין גִיזָאגְט , אַז דָער
יֵצֶר הָרַע גֵייט אִין גַאס אוּנ בַּאגֶעגִינְט אֵייגֶעם דִיא שִׁיךְ
גִיפוּצְט , דִיא קְלֵיידֶער גִיצִירְט , דִיא הָאר גִיפְרִיזִירְט , זָאגְט
דֶער יֵצֶר הָרַע אָט דָאשׁ מַיין אִיךְ , דָאס אִיז פוּן מַיינֶע
לַייט , צוּ פִיל פוּצִין זִיךְ , בְּרֵיינְגְט צוּ גַאֲוָה . אוּנ נָאךְ צוּ
פִיל עֲבֵירוֹת , אוּנ שְׁלֶעכְטֶע מִדוֹת :

דֶער בַּעַל גַאֲוָה , אִיז שׁוֹין אֲפִילוּ אוֹיבִּין דֶער מָאנְט
גִיוָוארִין , נָאר פוּן דֶעסְט וָועגִין שַׁאדֶעט נִיט ,
מֶען זָאל נָאךְ אַמָאל דֶער מָאנֶען . וָוארוּם גַאֲוָה , אִיז
אַמוּטֶער פוּן פִיל שְׁלֶעכְטֶע , אוּנ בֵּייזֶע מִדוֹת דָער
בַּעַל גַאֲוָה , הָאט זַיינֶע סִימָנִים . זַיין גַאנְג , אִיז טְרִיט
בַּייא טְרִיט . זַיין קֶער , אִיז וִויא אַשְׁטִיק בְּלַאיי .

זַיינֶע רַייד , זַיינֶען הַאלְבֶּע וָוערְטֶער . זַיין פָּנִים , אִיז שְׁטֶענְדִיג אָן גִיבְּלָאזִין . אוּנ קֵיינֶער קֶען אִים נִיט לַיידִין . אַלֶע וַוייסִין דָאשׂ , פוּן דֶעסְט וֶועגִין , זַיינֶען כִּמְעַט אַלֶע מֶענְטְשִׁין , בַּייא זִיךְ שְׁטָאלְץ . ווִיל דֶער מֶענְטְשׁ פַארְטְרַייבִּין פוּן זִיךְ דִיא מִדָּה רָעָה , זָאל עֶר נִיט פַאר גֶעסִין אַז דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט אִיז נָאר אַשְׁאטִין , אַחֲלוֹם . אוּנ דֶער מֶענְטְשׁ . אוֹיף דֶער וֶועלְט , אִיז אַגַאסְט , וָואס אִיז גִיקוּמֶען אַהֶער אוֹיף אַוַוייל . אוּנ אַלֶע מַעֲלוֹת , וֶוערִין אִין אַקוּרְצֶע צַייט נִישְׁט . שֵׁיינֶע וֶוערִין מְאוּס , רַייכֶע אָרִים , גִיזוּנְטֶע קְרַאנְק . נָאר חָכְמָה , אוּנ פְרוּמְקַייט , בַּאלַייטִין דֶעם מֶענְטְשִׁין בִּיזִין קֶבֶר . אוּנ הִיטִין אִים דָארְטִין אוֹיךְ :



## דברי דרך ארץ

אוּנְזֶער הֵיילִיגֶע תּוֹרָה שְׁרַייבְּט , אַז הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ אַלֵיין הָאט גִיזָאגְט , עֶס אִיז נִיט גוּט דֶער מֶענְטְשׁ זָאל זַיין אַלֵיין , אָן אַוַוייב . אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים זָאגִין , אַמֶענְטְשׁ אָן אַוַוייב אִיז אַהאלְבֶּער מֶענְטְשׁ . נָאךְ זָאגִין אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים . דֶער מֶענְטְשׁ וָואשׂ לֶעבְּט אָפּ זַיינֶע יָארִין , אָן אַוַוייב , לֶעבְּט אָן פְרִידִין , אָן גְלִיק , אָן גִיזוּנְט , אָן לַייב אוּנ לֶעבִּין . דֶערִיבֶּער הֵייסִין זַייא , דֶער מֶענְטְשׁ זָאל לִיב

הָאבּין זַיין וַוייבּ, וִויא זִיךְ אַלֵיין. כָּבוד גֶעבִּין איר, מֶער וִויא זִיךְ, אונ הִיטִין זִיךְ, פוּן צוּ בַּאלֵיידִיגִין זִיא מִיט אַוְואָרְט. וָואָרוּם וַוייבֶּער זַיינֶען גְרִינְג אוֹיף מְרֶערִין, אונ טְרֶערִין וֶוערִין נִיט פַאר פַאלִין. מֶען מוּז אִיר אָפְּט קְלֵיינֶע פֶעהְלֶערְן מוֹחֵל זַיין. זִיא בֶּעשֶׁעפְּטִיגְט זִיךְ מִיט ווירְטְשַׁאפְט, זִיא הִיט אָפּ דָעם מַאן פוּן עֲבֵרוֹת, זִיא הָאט צַעַר גִידוּל בָּנִים, מֶער וִויא דִיא מֶענֶער. זִיא מוּז טְרָאגִין, הָאבִּין, זֵייגִין, אונ זָארְגִין פַאר קִינְדֶער, מִיט אַלֶע כּוֹחוֹת, דֶער מַאן אִיז מְחוּיָב, צוּ לֵייגִין זַיינֶע אוֹיֶערִין, אונ צוּ הֶערִין, דָאשׁ וַוייבְּס וֶוערְטֶער, וֶועגִין שְׁטוּב זַאכִין. בַּייא אַפְּרוֹיעֶנְצִימֶער, אִיז בֶּעסֶער אַשֵׁיינֶע קְלֵייד, אונ אַיין שֵׁיינֶע דִירָה, אֵיידֶער דִיא בֶּעסְטֶע מַאֲכָלִים, דָערִיבֶּער מוּז מֶען אִיר דָערִיין נָאךְ גֶעבִּין וִויא פִיל מֶען קֶען. אַזוֹי לֶערִינְט דִיא גְמָרָא דָעם מַאן וָואס עֶר דַארְף טָאן פוּן זַיין וַוייבְּס וֶועגִין:

דֶער שֵׁבֶט מוּסָר, אונ נָאךְ אַנְדֶערֶע לֶערְנֶען, וָואשׁ דָאשׁ וַוייבּ אִיז מְחוּיָב צוּ טָאן, פוּן מַאנְס וֶועגִין:

אַפְּרוֹיעֶנְצִימֶער, וָואס ווִיל זַיין גִיטְרַייא דָעם מַאן, אונ ווִיל פַאר דִינֶען דָעם נָאמֶען, אִשָּׁה צְנוּעָה וּכְשֵׁרָה. מוּז זִיא גֶעמֶען אוֹיף זִיךְ צְוַואנְצִיג זַאכִין:

א) זִיא זָאל אַרוּם גֵיין רֵיין, נִיט פַארְשְׁמִירְט, עֶשׁ מֶעגִין זַיין אָרֶעמֶע, אַלְטֶע, גִימֵיינֶע קְלֵיידֶער, נָאר רֵיין,

ניט פארו פלעקט, אונ גאנץ, אומעטום פאר גייט :

ב) אין שטוב בייא איר, דארף זיין אוים גיקערט, אויף גיראמט, דיא כלים צו שטעלט אויף זייערע ערטער :

ג) פוילהייט אין אהויז, איז אונגליק אין אהויז. דאש ווערט צו שטאבין, דאש צו בראכין, דאש צו ביסין, דאס צו ריסין. דעריבער מוז זיא אכטונג געבין, עס זאל דיא ווירטשאפט זיין אין איין ארדענונג :

ד) זיא זאל זיך היטין, פון איבעריגע רייד פון פלוידערין, ווארום נארישע רייד, גיבין ניט צו קיין חן :

ה) בייא אנויט, אז דעם מאן איז איינג, זאל זיא אים צו פיל ניט דער מאנען, ווענין וואס עס פעלט.

ו) אז איר פעלט עפעס אין גיזונט, זאל זיא עס ניט פערגרעסערין. אונ ניט האפין זיך, אן הויבין מיט דאקטורים, אדער וויא היינט איז גיווארין אמאדע, נאר עפעס פארין אין אויס לאנד קורירין זיך :

ז) ווארום, תוך וואס מען ברייננט אויס געלט אום זיסט, מאכט מען זיך אן מאכי קראנקהייטין אמתע, אויב דער מאן איז עפעס אונגירעכט, מיט אווארט, זאל זיא עס פאר בייא לאזין, אמאנס כעס, דויערט אקליינע ווײלע. ער וועט באלד אליין פאר שטיין, זיין אונרעכט, אונ וועט זיא איבער בעטין :

ה) זיא זאל פאר אים אין דיא אויגין, ניט לויבין קיין אנדער

מַאנְסְבִּילְד, דֶער אִיז זֵייעָר קְלוּג, יֶענֶער אִיז גַאנְץ שֵׁיין:

ט) אַז עֶר אִיז אִין אַיין אוּנְגְלִיק חָלִילָה. זָאל זִיא אִים נִיט בֶּעשׁוּלְדִיגִין, אוּנ נִיט אַרוֹיף וַוארְפִין אוֹיף אִים אוּמְזִיסְטֶע חֲטָאִים:

י) נִיט אַרוּם לוֹיפִין, אִין פְּרֶעמְדֶע הַייזֶער אוּנ בְּרֵיינְגֶען אַהֵיים, נַייֶע יְדִיעוֹת, פוּן קְלֵיידֶער, פוּן מֶעבִּיל, פוּן פִּירוּנְג:

יא) בֶּעסֶער רַאבְּנֶען אִין דֶער הֵיים אַלֵיין פַאר גָאט, אֵיידֶער גֵיין אִין שׁוּל בֶּעטְרַאכְטִין יֶענֶעמְס פֶּערִיל, יֶענֶעמְס צִירוּנְג:

יב) צְדָקָה זָאל זִיא נִיט טֵיילִין, אָן דֶעם מַאנְס יְדִיעָה. אוּנ זָאל זִיךְ אוֹיף דִיא אָרֶעמֶע לַייט נִיט בֵּייזֶערְן:

יג) קְלֵיינִיקַייטִין וָואס אִין אַשְׁטוּב מַאכְט זִיךְ, זָאל זִיא דֶעם מַאן נִיט מוֹדִיַע זַיין, עֶס אִיז נִיט וֶוערְט, עֶר זָאל עֶס וִויסִין:

יד) נִיט פּוּצִין זִיךְ צוּא פִיל, בִּפְרַט בַּייא דִיא עֶלְטֶערֶע יָארִין. טִרְחָא קָאסְט זֵייעָר פִיל דִיא פּוּצֶערַייא, אוּנ דִיא נוּצִין אִיז וֵויינִיג:

טו) אַז דֶער מַאן וִויל עֶפֶּעס נִיט אוֹיס זָאגִין, זָאל זִיא אִים נִיט אַרַיין קְרִיכִין אִין לֶעבֶּער אַרַיין, עֶר זָאל אִיר דַוְוקָא אוֹיס זָאגִין:

טז) אַז עֶס קוּמְט אֵיינֶער פוּן זַיינֶע פְרֵיינְד, אָדֶער

קְרוֹבִים, זָאל זִיא אוֹיף גֶעמֶען אִים, מִיט כָּבוֹד מִיט
אִפְרַיינְדְלִיכֶע מִינֶע :

יז) זִיא זָאל זִיךְ נִיט וֶועלִין פִירִין, הֶעכֶער אֵיידֶער זַייעֶר
פֶּערְמֶעגִין אִיז, בִּפְרַט הַיינְטִיגֶע צַייטִין, אַז דֶער
לוּקְסוּס הָאט זִיךְ אוֹיש גִיבְּרֵייטֶעט, דֶר פִירוּנְג אִיז אָן
אַחֶשְׁבּוֹן. קֶען מֶען חָלִילָה אַרַיין, אִין אַגְרוֹיסִין אוּנְגְלִיק :

יח) קִינְדֶער זָאל זִיא עֶרְצִיהֶען אִין פְרוּמְקַייט. פְרוּמְקַייט פוּן
קִינְדֶער, וֶוענְט זִיךְ נָאר אָן אַמוּטֶער :

יט) אִירֶע הַייד, זָאלִין זַיין שְׁטִיל, רוּאִיג, אָן כַּעס, אָן
רוֹגֶז, אָן קוֹלוֹת. בִּפְרַט מִיט דִינְסְטִין שְׁרַייעֶן, פַּאסְט
גֶעוִויס נִיט :

כ) דַאכְט זִיךְ אַקְלֵיינִיקַייט אוּנ אַנַארִישְׁקַייט, פוּן דֶעסְט
וֶועגִין דַארְף מֶען אוֹיף דֶעם אוֹיךְ צוּ זָאגִין. נִיט גַנְבְּנֶן
יָארִין בַּייא זִיךְ, דֶעם מַאן טוּט זִיא דֶער מִיט קֵיין טוֹבָה
נִיט. אוּנ זִיךְ בִּגְרָאבְּט זִיא דֶער מִיט אַנַאנְדֶערְשׁ מָאל.
אֵיינֶע הָאט אַמָאל בַּייא זִיךְ צוּ גִינוּמֶען שְׁטִילֶער הַייט
צֶעהֶען יָאר, אוּנ הָאט זַייא אָן גִיהַאנְגֶען אָן אַנַאנְדֶערֶער,
אוּנ יָענֶע הָאט דָאשׁ דֶער הֶערְט, אוּנ הָאט אִיר אָפּ
גִישִׁיקְט דֶעם צֶעהֶענְדְלִיג יָארִין, מִיט בִּזוּי בִּזְיוֹנוֹת.

בְּשַׁעַת נָאט ב"ה הָאט בַּשַׁאפִין דִיא אִשָּׁה, הָאט עֶר צוּ
אִיר גִיזָאגְט, וָעה זָאלְשְׁט זַיין אַשְׁטִילֶע, אַצְנוּעָה,

בְּשַׁעַת עֶר הָאט בַּאשַׁאפִין אִיר קָאפּ, הָאט עֶר גִיזָאגְט, נִיט טְרָאג זִיךְ הוֹיךְ. בְּשַׁעַת דִיא אוֹיגִין, זָעט קוּקְט נִיט וואוּ הִין מֶען בֶּדַארְף נִיט. בְּשַׁעַת דִיא אוֹיעֶרִין, אִיר זָאלְט נִיט וָועלִין אוּנְטֶער הֶערִין אַלְס. דֶעם מוֹיל, זָאלְסְט נִיט פְּלוֹידֶערִין. בְּשַׁעַת דִיא פִּיס, אִיר זָאלְט נִיט אַרוּם לוֹיפִין. בְּשַׁעַת דָאס הַארְץ, זָאלְסְט גִיט זִידִין. אוּנ דָאשׁ אַלְס, הָאט וֵויינִיג גִיהָאלְפִין, וָוארוּם בַּייא דִיא בֶּעסְטֶע וַוייבֶּער גִיפִינְט מֶען אוֹיךְ צוּ בִּיסְלִיךְ פוּן דִיא חֶסְרוֹנוֹת, אָדֶער אִין מוֹיל, אָדֶער אִין דִיא אוֹיגִין, דָאשׁ רוֹב אִין הַארְץ, אַז אַמַאן נֶעמְט אַוַוייבּ, נָאר פוּן גֶעלְט וָועגִין אָדֶער פוּן שֵׁיינְהַייט וֶועגִין, זָאגְט דִיא גְמָרָא אִיז עֶר וָוערְט גָאט ב"ה זָאל אִים בִּינְדִין, אוּנ אֵלִיָהוּ הַנָבִיא זָאל אִים שְׁמַייסִין, וָוארוּם גֶעלְט וֶוערְט מֶען אָן, שֵׁיינְהַייט פַּאר גֵייט, אוּנ דִיא צָרָה בְּלֵייבְּט אוֹיף אֵייבִּיג, אַצָרָה, בִּיטֶער אֵיידֶער דֶער טוֹיט. אַז אַמַאן הָאט אַשְׁלֶעכְטֶע וַוייבּ, אִיז עֶר שְׁטֶענְדִיג אוּנְרוּאִיג אֲפִילוּ אַז עֶר אִיז אִין אַוַוייטִין וֶועג, קְלַאפְּט אִים אוֹיךְ דָאשׁ הַארְץ, וָואשׁ טוּט זִיךְ בַּייא מִיר אִין דֶער הֵיים, צוּ אִיז דָארְטִין שָׁלוֹם, אִיז אָפְט דָארְטִין נִיט קְרִיג אָדֶער גִישְׁלֶעג, דֶערִיבֶּער מוּז מֶען גוּט בַּאטְרַאכְטֶן אוּנ נָאךְ פְּרֶעגִין, בְּשַׁעַת מֶען דַארְף נֶעמֶען אַוַוייבּ, אוֹיף אִירֶע מַעֲשִׂים, אוֹיף אִירֶע הַנְהָגוֹת. אוּנ מֶען זָאל אִיר אִיבֶּער לֵייעֶנֶען דֶעם גַאנְצִין שְׁטִיק אֶפְשַׁר וֶועט דָאשׁ

הֶעלְפְן אַבִּיסִיל אַזֶעלְכֶע הֵיילִיגֶע וֶוערְטֶער , פוּן אַזֶעלְכֶע גְרוֹיסֶע צַדִיקִים , דַארְף מֶען דַאכְט זִיךְ פָאלְגִין :



# דברי חכמה

דֶער מֶענְטְשׁ דַארְף זַיין גוּט , אוּנ קְלוּג , אוּנ פְרוּם . גוּט אַלֵיין , קֶען אַשַׁארְלַאטַאן אוֹיךְ זַיין . קְלוּג אַלֵיין , קֶען אַאַפִּיקוֹרוֹס אוֹיךְ זַיין . אוּנ פְרוּם אַלֵיין, קֶען אַנַאר אוֹיךְ זַיין :

דִיא גְרֶעסְטֶע רַייכְקֵייט אִיז , אַז מֶען אִיז גִיזוּנְט . דָאשׁ גְרֶעסְטֶע פֶערְגֶענִיגִין אִיז, אַז מֶען הָאט אַרוּאִיג הַארְץ , דָאס גְרֶעסְטֶע גְלִיק אִיז , אַז מֶען אִיז פְרוּם , וְוִיא מֶען דַארְף צוּ זַיין .

אַגְרוֹיסֶער מֶענְטְשׁ , אִיז וְוִיא אַפַייעֶר . זַיין מִיט אִים פוּן וַוייטֶען , לַייכְט עֶר , אוּנ וַוארֶעמְט . פוּן נָאהֶענְטֶען בְּרֶענְט עֶר :

דֶער נַאר בַּייא אַיין אוּנְגְלִיק , בֶּעשׁוּלְדִיגְט דֶעם אַנְדֶערִין . דֶער פְרוּמֶער , בֶּעשׁוּלְדִיגְט זִיךְ אַלֵיין , דֶער קְלוּגֶער קֵיינֶעם נִיט :

פוּן צוּ פִיל אַהֲבָה , קֶען מֶען אוֹיךְ פִיל לַיידִין , וְוִיא פוּן צוּ פִיל שִׂנְאָה , יוֹסֵף הָאט צְוֵוייא מָאל גִילִיטִין , אוּנ

בּיידע

בֵּיידֶע מָאל, פוּן צוּ פִיל אַהֲבָה. אֵיין מָאל פוּן פָּאטֶערְס, דָאס אַנְדֶערֶע מָאל פוּן פּוֹטִיפֶרְס וַוייבּ:

נִיט אַלֶע מָאל, קֶען מֶען גְלוֹיבִּין טְרֶערִין, יוֹסֵפְס בְּרִידֶער, הָאבִּין אוֹיךְ גְיוַויינְט, בְּשַׁעַת זַייא הָאבִּין גִיבְּרַאכְט יַעֲקֹבִין דָאשׂ פַּאר בְּלוּטִיגְטֶע הֶעמְדִיל:

אַז אֵיינֶער וִויל בַּאהַאלְטִין פוּן מֶענְטְשִׁין זַיין נַאטוּר, אִיז עֶר וִויא אַיין אַלְטֶער, וָואס פַּארְבְּט זַיין גְרָאהֶע בָּארְד אוֹיף שְׁוַוארְץ. וָואשׂ הֶעלְפְט דָאס פַּארְבּ, דִיא קְנֵייטְשִׁין זָאגִין אוֹישׂ דֶעם אֶמֶת:

אַהֲבָם וָואשׂ בַּאהַאלְט זַיין חָכְמָה, אוּנ זָאגְט קֵיינֶעם נִיט אוֹישׂ, אִיז וִויא אַפַּאר גְרָאבֶּענֶער אוֹצָר, וָוער הָאט הֲנָאָה פוּן אִים:

הִיט זִיךְ פַּאר אַמִינְדְּרִסְטִין, זָאל דִיר נִיט זַיין קַיין שׂוֹנֵא, מִיט אַקְלֵיין בֵּייטְדִיל קֶען מֶען זִיךְ אוֹיךְ דֶער וָוערְגִין:

אַקְלוּגֶער אַז עֶר פִּירְט זִיךְ נַארִישׁ, אִיז עֶר וִויא אַפָּאטְרֶעט, דַאכְט זִיךְ אַלְץ אַקוּרַאט נָאר אָן לֶעבִּין:

נִיט דָאשׂ אִיז אַמַעֲלָה, וָואשׂ דוּא לֶערִינְסְט סְפָרִים. אַמַעֲלָה אִיז, אַז סְפָרִים הָאבִּין דִיךְ גִילֶערִינְט:

בִּיסְטוּ גְרוֹיס בַּייא זִיךְ, בִּיסְטוּ קְלֵיין בַּיין אַנְדֶערִין.

בִּיסְטוּ בַּייא זִיךְ קְלוּג, בִּיסְטוּ בַּייא יֶענֶעם נַארִישׁ :

הָאסְטוּ חֲרָטָה אוֹיף שְׁלֶעכְטְשׁ, בִּיסְטוּ אֵיין עֶרְלִיכֶער מֶענְטְשׁ. אַז דוּא הִיטְסְט זִיךְ פוּן שְׁלֶעכְטְשׁ, בִּיסְטוּ אַקְלוּגֶער מֶענְטְשׁ :

פַאר אַזֶעלְכִין וָואשׁ אִיז צוּא גְלַאט, זָאלְסְטוּ זִיךְ הִיטִין, דָאשׁ פֶעלְבִיל פוּן אַשְׁלַאנְג, אִיז אוֹיךְ זֵייעֶר גְלַאט :

הֶערְסְטוּ קֵיינֶעם נִיט, בִּיסְטוּ אַנַאר, וִוילְסְטוּ אַנְדֶערֶע זָאלִין דִיךְ הֶערִין, בִּיזְטוּ אַמְשֻׁגָּעֶנֶער :

הָאסְטוּ לִיבּ קְלֶערִין וֶועגִין אַנְדֶערֶע, וָואס זָע הָאסְטוּ פַארְאִיבִּיל, אַז אַנְדֶערֶע קְלֶערִין וֶועגִין דִיר ?

שְׁטְרָאף יֶענֶעם, כְּדֵי אִים צוּא בֶּעסֶערִין, נִיט כְּדֵי צוּא וַוייזִין דַיין גַאֲוָה, אַז דוּא בִּיסְט פְרַייא פוּן דֶעם פֶעהְלֶער :

גָאט הָאט גִיגֶעבִּין דֶעם מֶענְטְשִׁין, צְוַוייא אוֹיגִין צְוַוייא אוֹיעֶרִין, אוּנ אֵיין מוֹיל. עֶר זָאל וֵויינִיגֶער רֵיידִין, אֵיידֶער הֶערִין, אוּנ זֶעהֶען :

דַיינֶע קִינְדֶערְשֶׁע יָארִין, הָאשְׁטוּ פַאר בְּרַאכְט מִיט דַיין מוּטֶער, אוּנ מִיט דַיינֶע שְׁוֶועסְטֶער. דַיינֶע עֶלְטֶערֶע

יָארִין, מִיט דַיין וַוייב. הַיינְט וָואס זֶע הָאסְטוּ פַּארְאִיבְּל,
אַז מֶען זָאגְט, דוּא הָאסְט אַוועגֶעוַוארְפִין שֵׂכֶל?

אָפְּט לוֹיבְּט אַיין מֶענְטְשׁ דֶעם אַנְדֶערִין, אָדֶער צוּ בַּאגְרָאבִין אַדְרִיטִין, אָדֶער זִיךְ דָער מִיט צוּ לוֹיבִּין.

דַער גְרֶעסְטֶער חָכָם, בַּאדַארְף דֶעם אַנְדֶערִינְס עֵצָה:

פַּאר גֵייא נִיט צוּ וַוייט, זָאלְסְט נִיט דַארְפִין צוּ פִיל צוּרִיק גֵיין. קְרִיךְ נִיט צוּ הוֹיךְ, וֶועסְטוּ נִיט דַארְפִין פַּאלִין זֵייעֶר נִידֶערִיג, וויל נִיט אִיבֶּערִיגְס, וֶועסְטוּ הָאבִּין וָואס דוּא דַארְפְסְט:

נְקָמָה נֶעמֶען פוּן אַשׂוֹנֵא, אִיז נִיט בַּייא דִיר אִין הָאנְט. דַיין רָעָה, קֶען זִיךְ אִים אוֹיס לָאזִין פַאר אַטוֹבָה. נָאר מוֹחֵל זַיין אִים, קֶענְשְׁטוּ אַלֶע מָאל:

אַפְרַיינְד אִיז וִויא רֶעגִין, גֵייט עֶר נִיט, בֶּעט מֶען עֶר זָאל גֵיין. גֵייט עֶר צוּ פִיל, בֶּעט מֶען עֶר זָאל אוֹיף הֶערִין:

אַפַאלְשֶׁער פְרַיינְד, אִיז וִויא אַגִישְׁלַייפְטֶער שְׁוֶוערְד, עֶר גְלַאנְצְט, אוּנ שְׁטֶעכְט:

דֶער מֶענְטְשׁ, דַארְף נִיט דַיינֶקֶען, ווִיא עֶר טוּט, נָאר טָאן, וִויא עֶר דַיינְקְט, אוּנ קְלֶערְט:

פון

פון עֶלְטֶער לַאךְ נִיט, וֶועסְט אויךְ אַלְט וֶוערִין,
מֶען הָאט וויינִיגֶער יָארִין, הָאט מֶען מֶער שֵׂכֶל:

אַז אַקְלוּגֶער מוּז זִיצִין צְווִישִׁין נַארִין, אַז אַקְלָארֶער
דַארְף אַרוּם גֵיין צְווִישִׁין מְשׁוּגָעִים, אַז אֵיין אֵיידֶעלֶער
מֶענְטְשׁ מוּז אָן קוּמֶען צוּ אַגְרָאבִּין יוּנְג, אַז אַרייכֶער פַאלְט
אַריין אִין אַחֶבְרָה קַבְּצָנִים, אִיז אַגְרוֹיסֶער רַחֲמָנוּת:

דִיא וֶועלְט, אִיז פַאר דֶעם אוּנְגְלִיקְלִיכֶען אֵיין
אַסְטְרָאג. פַאר דֶעם גְלִיקְלִיכִין, אַטֶעאַטֶער. פַאר דֶעם נַאר,
אַבֶּאר. פַאר דֶעם רָשָׁע, אַטְרַאקְטִיר. פַאר דֶעם פְרוּמִין,
אַיְרִיד. אוּנ פַאר דֶעם קְלוּגִין, אַוֶועלְט:

דִיא וֶועלְט אִיז אַגְרוֹיסֶער טִישׁ, דָאשׁ גְלִיק, אִיז
אַקְלֵיין שֵׁיין טִישְׁטִיכֶיל אוֹיף אִיר. אַז דָאשׁ טִישְׁטִיכִיל גִיט
זִיךְ אַרוּק צוּ אֵיינֶעם אַבִּיסִיל מֶער, בְּלַייבְּט זִיא הוֹיל,
פַאר דֶעם אַנְדֶערִין:

דִיא וֶועלְט אִיז זַייעֶר אַהוֹיכָער מוֹיעֶר, גָאר אוֹיבִּין
וואוֹינְט דָאס גְלִיק, אוּנ דָאס אוּנְגְלִיק. צוּ זַייא אַרוֹיף צוּ
קוּמֶען, מוּז מֶען דוּרְךְ גֵיין טוֹיזֶנְטֶער טְרֶעפּ. אַרוֹיף גֵייעֶנְדִיג
אַהִין, וֶוערְט דָאס רוֹב דֶער קָאפּ אַזוֹי פַאר דְרֵייט, אוּנ
פַאר שְׁווִינְדִילְט, אַז מֶען דֶער קָאנְט נִיט דִיא צְווייא לַייט.
מֶען חַאפְּט זִיךְ פַאר דֶעם, אוּנ עֶס אִיז גָאר יֶענֶער:

דָאשׁ הַארֶץ, אונ דִיא אויגִין, וָעהֶען נִיט צוּ וַוייט, אונ גִיט צוּ נָאהֶענְט. דֶערִיבֶּער, וָעט דֶער יוּנְגֶער נִיט דֶעם טוּיט פַאר זִיךְ, וַוייל עֶר אִיז צוּא וַוייט. אונ דֶער אַלְטֶער, וַוייל עֶר אִיז צוּ נָאהֶענְט:

דֶער בֶּעסְטֶער מַגִיד, אִיז דָאשׁ הַארֶץ. דֶער בֶּעסְטֶער לֶעהְרֶער אִיז דִיא צַייט. דֶער בֶּעסְטֶער מוּסָר סֵפֶר, אִיז דִיא וֶועלְט. דִיא גְרֶעסְטֶע חָכְמָה, אִיז צוּ קֶענֶען זִיךְ. דֶער בֶּעסְטֶער פְרַיינְד, אִיז גָאט:

אַמֶענְטְשׁ דַארְף לִיבּ הָאבִּין, פְרִיעֶר גָאט ב"ה, דֶער נָאךְ זִיךְ אַלֵיין, דֶער נָאךְ עֶלְטֶערִין אונ קִינְדֶער, דֶער נָאךְ קְרוֹבִים אונ פְרַיינְד, דֶער נָאךְ יֶעדֶען מֶענְטְשִׁין, נָאךְ זַיין פֶערְדִינְסְט נָאךְ:

עֶרְצִיהָען אַקִינְד דַארְפִין עֶלְטֶערִין, לֶערְנֶען אִים דַארְפִין לֶעהְרֶער. אַקָאפּ מִיט פֶעהִיגְקַייטִין גִיט גָאטְס נַאטוּר. אונ פְלַייס אונ הֶשֶׁק, וֶוענְט זִיךְ נָאר אָן קִינְד אַלֵיין:

עֶס אִיז דָא פְרַיינְד, פוּן דֶער נַאטוּר. וִויא עֶלְטֶערִין מִיט קִינְדֶער, עֶס אִיז דָא נָאךְ פְרַיינְד, דוּרְךְ גְלַייכֶע נַאטוּרִין, דוּרְךְ גְלַייכֶע פִיהְרוּנְג. אונ פְרַיינְד, דוּרְךְ גְלַייכֶע צָרוֹת, אונ אוּנְגְלִיקִין:

לִיבּ דַיין פְרַיינְד, מִיט לַייבּ אונ לֶעבִּין. לִיבּ דַיין

באקאנטן

בַּאקַאנְטִין מִיט אַטוֹבָה . לִיבּ יֶעדֶען מֶענְטְשִׁין , מִיט אַיין פְרַיינְדְלִיךְ וָואָרְט , לִיבּ אַשׂוֹנֶא מִיט מְחִילָה :

עֶס אִיז גְרִינְגֶער צוּ אִיבֶּער טְרָאגִין זִידְלֶערַייא , פוּן אַקְלוּגִין שׂוֹנֵאוּ, אַיידֶער תְּנִיפוֹת פוּן אַנַארִישִׁין פְרַיינְד :

גְלִיק אִיז בְּלִינְד , אוּנ חָכְמָה אִיז מִיט זִיבִּין אוֹיגִין . נוּא , קֶען שׁוֹין דָאס זַיין אַגְלַייכֶער שִׁידוּךְ ?

פַאר וָואס זָאלְסְטוּ מַאכִין , דַיינֶע חֶסְרוֹנוֹת פַאר מַעֲלוֹת ,זאוּנ יֶענֶעמְס מַעֲלוֹת , פַאר חֶסְרוֹנוֹת ?

הִיט זִיךְ פוּן אַפְרַיינְד , עֶר קֶען וֶוערִין אַשׂוֹנֵא , עֶדִיל נִיט צוּ פִּיל אַשׂוֹנֵא , לָאז אַאָרְט אוֹיף שָׁלוֹם :

דִיא גְרֶעסְטֶע לִיגְנֶער , אוֹיף דֶער וָועלְט , זַיינֶען דְרַייא. כִּישׁוּף , חֲלוֹמוֹת , אוּנ הָאפְנוּג . זַייא זָאגִין צוּ , אוּנ וַוייזִין , גִילְדֶערְנֶע בֶּערְג . אוּנ טָאן, טוּעֶן זַייא גָאר נִישְׁט :

אַיין אָרוּמַאן אָן חוֹבוֹת , אִיז אַנְגִיד , אַיין אַלְטֶער אָן וַוייטִיגִין , אִיז יוּנְג . אַחָכָם אָן פְרוּמְקַייט , אִיז אַנַאר :

אוֹיגִין , אוּנ לִיגִין , אוּנ לִיצָנוֹת , זַיינֶען דְרַייא שְׁלִיסְלֶעךְ , צוּ אַלִירְלַייא עֲבֵירוֹת :

אַז דוּא בִּיסְט דֶעם אַשׂוֹנֵא , נוייל עֶר הָאט נָאר

דיר

דִיר אַלֵיין גִיטָאן אַרְגֶעה, פַר וָואס זָע בִּיסְטוּ יֶענֶעם אַגוּטֶער פְרַיינְד וָואשׁ עֶר הָאט גִיטָאן רָעוֹת וְויא פִּיל מֶענְטְשִׁין ?

דֶער מֶענְטְשׁ זוּכְט זִיךְ נַייֶע פְרֵיינְד, וְוייל דִיא אַלְטֶע קֶענֶען אִים שׁוֹין צוּ גוּט :

צַייט פְלִיהְט, זֵייגֶערְס קְלַאפִּין, דִיא וֶועלְט רוּישְׁט, אוּנ דֶער מֶענְטְשׁ שְׁלָאפְט :

אַגַאנְצִין נַאר קֶען מֶען נָאךְ אִיבֶּער טְרָאגִין, אָבֶּער נִיט אַהַאלְבִּין נַאר :

הָאבִּין גֶעלְט, אִיז קֵיין גְרוֹיסֶע מַעֲלָה נִיט, נָאר נִיט הָאבִּין, אִיז אַחֶסְרוֹן :

גְלִיק גֵייט צוּ גְלִיק, וְויא פִּיל דֶער רֵייכֶער הָאט, לֵייגְט מֶען אִים צוּ אִין דְרַייעֶן. אִינְגְלִיק צוּ אוּנְגְלִיק, וְויא פִּיל עֶר וֶוערְט אָן, זָאגְט מֶען אִין פִינְפִין :

אַלְטֶער וַויין, אַלְטֶע בּוֹימְאֵייל, אוּנ אַלְטֶע פְרַיינְד, זַיינֶען בֶּעסֶער אֵיידֶער נַייֶע :

אִיטְלִיכֶע מִינוּט אִיז אַקֶבֶר, אִין אִיר בַּאגְרָאבְּט מֶען דִיא מִינוּט וָואשׁ פַאר אִיר, אִיטְלִיכֶער טָאג, אִיטְלִיכֶע שָׁעָה רוּפְט אוּנְז, "גִיבֶער גִיכֶער קוּם מִיט אוּנְז" :

כָּבוד אוּנ גֶעלְט , פִּירִין הַיינְט דִיא וֶועלְט , אִיבֶּער דִיא צְוַויִיא , אִיז דָאס גַאנְצֶע גִישְׁרַייא :

וַוייל בַּייא אִידִין אִיז דָא רַחֲמָנוּת , הָאבִּין זִיךְ דְרִיבֶּער פִּיל צוּ גִיתַאפְּט צוּ קַבְּצָנוּת :

גִיזוּנְטֶע מֶענְטְשִׁין דַארְפִין זִיךְ שֶׁעמֶען , נִיט וֶועלִין אַרְבַּייטִין , אוּנ בֶּעסֶער נְדָבוֹת נֶעמֶען :

מֶען זָאל וִויסִין , וָואס , אוּנ וִויא פִּיל , אִיטְלִיכִין פֶעלְט , וָואלְט מֶען קֵיינֶעם נִיט מְקַנֵא זַיין אוֹיף דֶער וֶועלְט :

מֶען חַאפְּט הַייסֶע פוּן אַטָאפּ , בְּרֶענְט מֶען זִיךְ אָפּ , פֶערְד וָואשׁ יָאגְן , קֶענֶען צוּ טְרָאגִין . דֶער פוּן קֶען מֶען וְעהֶען אַקוּרַאט , וִויא יָאגִין אוּנ חַאפִּין שַׁאט :

דֶער גְרֶעסְטֶער וֵוייטִיג , פוּן אַלֶע וֵוייטִיגִין , אִיז אַחוֹב , אַז מֶען הָאט נִיט צוּ צָאלִין . עֶרְגֶער פוּן אַחוֹב , אִיז אַנַאר . עָרְגֶער פוּן אַנַאר , אִיז אַשְׁלֶעכְטֶע וַוייבּ :

אַחָכָם אַאַלְטֶער הָאט גִיזָאגְט : אִיךְ בִּין מִיט מַיין וַוייבּ גִיוואוֹינְט , וְוִיא דֶער מִילְנֶער מִיטִין מִיל , אִיךְ דַאנְק גָאט פַאר אִיר . זִיא הָאט מִיךְ אוֹיס גִילֶערִינְט , אִיבֶּער טְרָאגִין , אַלֶע זִידְלֶעריִיא , אוּנ נִיט עֶנְטְפֶערִין :

לעסינג

לעסינג זאגט . אין דער גאנצער וועלט איז מער נישטא , וויא איין שלעכטע ווייב . נאר איטליכער מאן זאגט , אז זיינע , איז דאס דיא איינע :

דאש גרינגסטע זאך , איז געבין איין עצה דעם אנדערין . דאש שווערסטע , זיך געבין א עצה . פאר אקלוגין מענטשען , איז איין קלוג ווארט , אגאנצער ספר . אונ פאר אנאר זיינען טויזענטער ספרים , וויא איין גלייך ווערטיל , דעריבער באגעגניגט זיך מיט דיא גטליכע מאמרים :

## דברי מוסר ותוכחה

אַמֶענְמֶש בַּייא פֶעֶרְבִּיט יָאר ,
שְׁטַארְבְּט נֶעבִּין פוּן דֶער דֶער .
דָאקְטוֹרִים וָאגִין , וִויא עֶס שַׁיינְט ,
וֶועט עֶר זִיךְ עֶקוֹנְעֶ הַיינְט .
אוּנ עֶר הֶעקְט אוּנ עֶר וָוייס ,
אוּנ עֶר פִּילְט , וַוייעֶר הַייס .
זֶעגִינְט זִיךְ מִיט אַלֶעמֶן דֵייעֶר שַׁיין ,
אוּנ זָאגְט וִידוּי , פַאר נָאם אַלֵיין .

---

## צום ווייב

1

גֶעהֶענְמֶשׁעֶר מַיין וַוייבּ , שְׁטֶעל זִיךְ לֶעבִּין סִיד .
וַויא גִיזוּנְט , פַארִין הֶעשְׁדִיכְפַּאר , ווִיל אִיךְ זָאגִין דִיר ,
עֶשׁ וַוייעֶן דָא גִיטוּג אַלְמָנוֹת אָן מַאנֶעשׂ .
דַאנְק אָם גָאם , פַאר מַיין לֶעבִּין בִּיז רַאנֶעשׂ .

2

נֶעמֶען אַנַאנְדֶערִין , אוֹיבּ דוּא וֶועסְט דַארְפִין .
אוּנְזֶערֶע לִיבֶּע קִינְדֶער , וָאלְסְטוּ נִיט פַאר וַוארְפִין .
עֶס אִיז אֶפְשַׁר אִיבֶּערִיג , דִיר עֶשׁ צוּ זָאגִין .

דֶער מָאנֶען שׁאדֶעט נִיט, הָאסְטוּ זַיי גִיהַאט, גִיטְרָאגִין .

3

אִיךְ ווִינְטְשׁ אַייךְ אַמָזָל טוֹב, אַגוּט לֶעבִּין אַייךְ בֵּיידִין .
נָאר וֶועגִין מִיר, זָאלְט אִיר נִישְׁט רֵיידִין .
מִיט דִיא קִינְדֶער אַמָאל, רֵייד וֶועגִין טַאטִין .
נָאר רֵייד קָאלְט, זַייא זָאל חָלִילָה נִיט שַׁאטִין .

4

נָארזִבֶּעסֶער, בְּלַייבּ דִיא קִינְדֶער, אַמוּטֶער .
אוֹיף מְפַרְנֵס צוּ זַיין יְתוֹמִים, אִיז גָאט ב"ה אַגוּטֶער .
עֶר וֶועט אַייךְ נִיט לָאזִין, אָן קוּמֶען צוּא קַיינֶעם .
אוּנ וֶועט דֶער לֶעבִּין בְּשַׁלְוָה, אַייעֶרֶע יָארִין אִין אֵיינֶעם .

5

וִויא וַוייט מִיגְלִיךְ אִיז, מֶעגְסְטוּ מִיר גְלוֹיבִּין .
וֶועל אִיךְ פַאר אַייךְ, גָאט בֶּעטֶען פוּן אוֹיבִּין .
עֶר זָאל אַייךְ צוּ שִׁיקִין, עֶר זָאל אַייךְ גֶעבִּין .
וָואס אִיר דַארְפְט, אִין אַייעֶר גַאנְצִין לֶעבִּין .

6

מִיט אַקְרֶעכְץ, מִיט אַזִיפְץ, זָאלְט אִיר מִיךְ דֶער מָאנֶען .
אִי מִיט אַפָּאר טְרֶערִין, אוֹיבּ אִיר וֶועט קָאנֶען .

גידיינגקט מיין לעבין, מיין קריינק, מיין מיתה, מיין קבורה.
קומט אמאל אויפין קבר, ווערט גיוואר מיין דירה

---

## צוא דיא קינדער

7

געווים איז זייער שלעכט, יתומים צו בלייבין.
אליין, אין דער גרויסער וועלט, זיך הערום צו טרייבין.
נאר אבעסערין פאטער, לאז איך אויף מיין ארט.
אפאטר, וואס לעבט אייביג, אפאטר וואס וואונט דארט.

8

אך! וויא פאלשע האפענונג, קען אמענטשין נארין.
איך האב גיהאפט, אייערע תופות דער הארין.
שטארק, שטארק גיהאפט, דיא גאנצע צייט צוריק,
נאר עס איז אומזיסט, ניט בעשערט דאס גליק:

9

גישטא קיין זכות, ניט ווערט בין איך ביי גאט.
דער הארין אקינדס שמחה, וויא דער אנדערער האט
דעריבער. נאט אייך, אייער חופה ברכה אוועק.
אויב עס איז דערין, עטוואס תכלית אצוועק.

10

זַייט פְרוּם, זַייט קְלוּג, זַייט גְלִיקְלִיךְ, זַייט רַייךְ.
וָואשׂ אַמֶענְטְשׁ דַארְף, זָאל זַיין בַּייא אַייךְ.
בַּייא גָאט, בַּייא לַייטִין, זָאלְט אִיר חֵן גִיפִינֶען
נִיט אוּמְזִיסְט, נָאר מִיט מַעֲשִׂים טוֹבִים פֶערְדִינֶען.

11

השי"ת זָאל אַייךְ בֶּעפְרַייָען, פוּן אַלֶערְלֵייא זָארְגִין.
פוּן נְדָבוֹת, פוּן מַתָּנוֹת, פוּן לַייעָן, פוּן בָּארְגִין.
פוּן קוּרְצֶע יָארִין, זָאל אַייךְ גָאט ב"ה הִיטִין.
לָאזִין וְויא אַייעָר פָּאטֶער, זַיין וָועלְט אִין מִיטִין.

12

הַאנְדִילְט אִין דֶער וָועלְט, עֶרְלִיךְ אוּנ שֵׁיין.
הִיט אַייעֶר וָוארְט, אַייעָר יוֹא, אַייעָר נֵיין.
מִיט אַלֶעמֶען רֶעט וֵוייךְ, אִיבֶּער הוֹיפְּט מִיט קַבְּצָנִים.
נִיט אִיר, אָדֶער נִיט, וַוייזְט אַפְרַיילִיךְ פָּנִים.

13

רִירְט נִיט קֵיינֶעם, אֲפִילוּ אַפְלִיג אוֹיף דֶער וַואנְט.
חָלִילָה אוֹיף צוּ הוֹיבִּין, אוֹיף אַמֶענְטְשִׁין אַהַאנְט.
אוֹיף זִידְלֶערַאיי אַנְטְפֶער, אִיז נָאר אַשְׁמֵייכֶעל.
קֶענֶען גוּט שְׁוַוייגִין, אִיז דֶער גְרֶעסְטֶער שֵׂכֶל.

לעבט

14

לֶעבְּט גוּט צְווִישׁין זיך, נָאר שַׁלְוָה, נָאר שָׁלוֹם.
עֶס אִיז נִישְׁטָא פַאר וָואס צוּ קְרִיגִין, עֶס אִיז דוּרךְ אַחֲלוֹם.
דֶער הַיינְט אִיז נִיט אִינְזֶעֶרע, וָוער שְׁמֶעסְט דֶער מָארְגִין,
פַאר פְרֶעמְדֶס, וָואס נוּצְט, קְלָאגִין אוּנ זָארְגִין.

15

בְּשַׁעַת איר דַאווינְת, לֵייגְט אֵייעֶר כַּוָונָה אַרַיין.
נִיט טוֹיטֶע וֶוערְטֶער, זָאל אֵייעֶר תְּהִלִים זַיין.
טוּט איר אַמְצְוָה, אִיז דָער עִיקָר דָאשׁ הַארְץ.
אִין דֶער וַייטֶער נְסִיעָה, אִיז דָאס נָאר דֶער הַארְץ.

16

פוּן קַדִישׁ זָאגִין, פוּן אֵל מָלֵא רַחֲמִים מַאכִין.
זָאלְט איר חָלִילָה, נִיט שְׁפֶּעטִין, נִיט לַאכִין.
בִּפְרַט, אַפָאטֶער וָואס שְׁטַארְבְּט אִין יוּנְגֶע יָארִין,
וויל גְעוויִס, זָאל בְּלַייבִין פוּן אִים, אַשְׁטִיקִיל זִכָּרוֹן.

17

איר זַייט שְׁלַאפְּע.קִינְדֶער דֶע.יבָּר וִויל אִיךְ נִיט,
איר זָאלְט יָארְצַייט פַאסְטִין, בֶּעסֶער מַיין צַוָואָה הִיט,
אוּנ יֶענֶעם טָאג, אוֹיף פְרוּמְקַייט לֵייגְט אָפּ,

אונ לייעגט מיינע כתבים , מיט אזין , מיט אקאפ .

18

אבער נאר יענע כתבים , וועלכע שמועסין פון טוגענד .
וויא גיך קומט דיא עלטער . וויא גישווינד פליט די יוגענד.
וויא גאט ב"ה איז גוט , וויא דיא וועלט איז נישט .
וויא דאס גרעסטע גליק , איז מיט אונגליק פערמישט .

19

שאצט היילינ , שאצט טייער . מיינע איצטיגע רייד .
מאכט זייא אין הארץ אשיינע אריינע שייד .
שליסט זייא דארטין איין , האלט זייא פער ווארט .
ביז מען וועט זייא דארפין , זאלין זייא ליגין פארשפארט .

20

איך וואלט מיט אייך , נאך פיל גירעט .
נאר נישטא קיין כח , קינדערלעך איר ועט .
לאמיר זיך צו קושין , דאש לעצטע מאל .
אונ בלייבט גיזונד , אדיע . לעבט וואהל .



## צוא גוטע פריינד

### 21

אין אַנאַנְדֶער דירָה , גֵייא אִיךְ אַרִיבֶּער בְּרִידֶער .
פון דָארְט , גָאט וֵויים , וָוען צו זָעהֶען זיךְ ווידֶער .
זֵייעֶר אַגִימֵיינֶע דִירָה , אַשְׁלֶעכְטֶע אין אַלֶע פֵּאכִין .
נָאר מֶען הֵייסְט שוֹין , אַרִיבֶּער פִּירִין דִיא זַאכִין .

### 22

אַפִינְסְטֶערֶע , אַקַאלְטֶע , דָער צוא זֵייעֶר אֵיינְג .
אַקוּרְצֶע , אַשְׁמָאלֶע , דַלֶת אַמוֹת דִיא לֵיינְג .
נָאר אַשְׁטַארְקֶע , אַאֵייבִּיגֶע , דוּיעֶרְט זֵייעֶר פִיל ,
דָער צוּ אִיז זִיא זֵייעֶר רוּאִיג , אונ. שְׁטִיל .

### 23

גוּטְשׁ , מִיט שְׁלֶעכְץ , לָאז אִיךְ אַייךְ פַאר בּוּנְדִין .
אַהֲבָה מִיט שְׁמֶערְצִין , פְרַיינְדְשַׁאפְט מִיט וואוּנְדִין .
בַּייא וָואס בְּלַייב אִיךְ , בֵּיין טוֹיט בַּיין קֶבֶר .
וֶועט , וִויא עֶס צִיטֶערְט , יֶעדֶעס גְלִיד יֶעדֶער אֵבֶר .

### 24

וֶועט זִיךְ מַאכִין אַפֶּערְזַאמְלוּנְג, דָער מָאנְט זִיךְ וֶוער פֶּעלְט ,
וֶוער פוּן אַייעֶר חֶבְרָה , גֵייט אָפּ אין דָער וֶועלְט .

לאזט

לָאזְט מִיר צְוִוישֶׁין אַייךְ, אַשְׁטִיקִיל לַיידִינְגִין אָרְט.
רָעט, אִיךְ זָאל הֶערִין, וָוענְן מִיר אַגוּט וָוארְט.

25

אָ! וָואסֶערֶע פַּייֶער וֶוערְק, הָאפוּנְג, קֶען בְּלִיצִין.
אַז אִיךְ וֶועל מִיט אַייךְ, אִין אֵיינֶעם נָאךְ זִיצִין.
אִיךְ הָאבּ פִיל גִיזֶעהֶען, מֶענְטְשִׁין גַאנְץ קְלוּגֶע.
וָואס פָארִין טוֹיט זַיינֶען זַייא גִיוָוארִין, אַבִּיסִיל מְשׁוּגָע.

26

נֶעמְט אוּנְטֶער אַייעֶר שָׁאטִין, מַיינֶע לִיבֶּע קִינְדֶער.
וָועט מִיר דָארְט, רוּאִיגֶער זַיין אוּנ לִינְדֶער.
אִיךְ הָאבּ זִיךְ וַוייטֶער אוֹיס גִירֶעט אַנַארִישׁ וָוארְט, מַיינֶע,
נָאכִין מֶענְטְשִׁינְס טוֹיט, אִיז גָאר גִישְׁט נִיט זַיינֶע.

27

נִיט וֵויינְט לִיבֶּע פְרַיינְד, אַיין עֲבֵרָה אוּמְזִיסְטֶע מְרֶערִין.
אֶמֶת, אִיךְ צוּ אַייךְ, וֶועל זִיךְ שׁוֹין נִיט אוּמְקֶערִין.
וֶועל נִיט קוּמֶען צוּרִיק, גִיוָואר וֶוערִין מַיין נֶעכְט.
אִיר אָבֶּער, בַּייא מִיר, וֶועט אַלֶע זַיין צוּ גֶעכְט.

28

אַט הָאט אִיר אַפַּאפִּירִיל, אַאוֹיפְשְׁרִיפְט אוֹיף מַיין מַצֵּבָה.
לייגט

לֵייגְט אַייעֶרְם נִיט צוּא, טוּט מִיר דִיא טוֹבָה.
וַוייל זִיא אִיז פֶּערְמֶעקְט, וָועל אִיךְ אִיבֶּערְלַייעֶנֶען אַייךְ.
וָועט זִיא אַייךְ גִיפָעלִין, לָאזְט זִיא קְרִיצִין גְלַייךְ.

29

דָא לִיגְט אַמִיטֶעלֶער מֶענְטְש, אִין שֵׂכֶל אִין יָארִין.
וָואס אִיז אוֹיף הָאפֶּענוּנְג, וָועלְטִין אַרוּם גִיפָארִין.
לְסוֹף, אַז עֶר הָאט דָעם אֱמֶת דֶער קֶענְט.
אִיז עֶר צוּרִיק גִיקוּמֶען, וּמִיט לֵיידִיגֶע הֶענְט.

30

דָא לִיגְט אַגוּטְשׁ וִוינְשֶׁער, פְרַיינְד אוּנ שׂוֹנְאִים.
גְלַייךְ גִיוָועזְן צוּ אַלֶעמֶען, מִיט אַפְרֵיילִיךְ פָּנִים.
נָאר, לַייגִין פֶעהְלֶער אוֹיף אֵיין שָׁאל, גוּטְשׁ אַנְטְקֶעגִין.
וָואלְטִין מַעֲלוֹת אוּנ חֶסְרוֹנוֹת, גְלַייךְ פֶערְוָועגִין

31

עֶר הָאט זִיךְ אַצַייט, אוֹיפִּין טוֹיט גִיגְרֵייט.
הָאט זִיךְ גִילֶערִינְט שְׁטַארְבִּין, לֶעבֶּעדִיגֶער הֵייט.
לִיגִינְדִיג אִין בֶּעט, אִיז עֶר אִין קֶבֶר גִילֶעגִין.
שְׁטֵייעֶנְדִיג, גֵייעֶנְדִיג, הָאט עֶר דָעם טוֹיט גִיטְרָאפִן אַנְטְקֶעגִין.

32

נָאר, מְלָאנֶען וִויא עֶר, זַיינֶען שׁוֹין גִישְׁטָארְבִּין.
גאָך

נָאךְ אִים אֶפְשַׁר מֶער, וָועלְין גֵיין צוּ דֶעם קָרְבָּן.
נִיט וואוּנְדֶערְט זִיךְ בְּרִידֶער, אַזוֹי גֵייט דִיא וָועלְט.
דֶעם סוֹף, הָאט מֶען פוּן אוּנְז פַארְשְׁטָעלְט.

33

אַז אַקִינְד וָוערְט גִיבָּארִין, וָואסֶערֶע וֵויינְען עֶר וֵויינְט.
דֶער בּוּיךְ אִיז נָאר אַוָועלְט, אָט וָואשׂ עֶר מֵיינְט.
אַגְרוֹיסִין מֶען זָאל הַייסִין, אִין מוּטֶערְס בּוּיךְ קְרִיכִין.
וָואלְט מֶען אִים גִיוִויס, צוּ אַמְשׁוּגְעגֶעם גִיגְלִיכִין.

34

אִיצְט טְרֶערְט מַיין.אוּיג, עֶס גִיסְט עֶס פְלִיסְט.
וִויא לָאזְט מֶען אַזוֹי אַוֶועלְט, אָט וָואס פַאר דְרִיסְט.
אָן קוּמֶענְדִיג אַהִין בְּשָׁלוֹם, יֶעגֶעם לֶעבִּין בְּעֶנַייעֶן.
וֶועט מֶען אוּיפִין שְׁטֵייגֶער, אוֹיף דֶער וָועלְט שְׁפַּייעֶן.

35

זַייט גִיזוּנְט, אוּנ נָאךְ אַמָאל, אוּנ נָאךְ אַדְרִיטִין.
עֶס אִיז מִיר אַטִירְחָא צוּ רֵיידִין, שְׁטָעלְין זִיךְ דִיא בְּלִיטִין.
וִידוּי נָאךְ נִיט גִיזָאגְט, אוּנ בַּאלְד אִיז דֶער טוֹיט.
הַלְוַאי, זָאלְין סִיר זִיךְ זֶעהֶען, בְּעָלְמָא דְקְשׁוֹט.

## צוא דער וועלט

36

וִויא פְרִישׁ, וִויא גֶיזוּנְד, שֵׁיינֶער וֶועלְט בִּילְד.
וִייט פְרִישׁ גֶיזוּנְד, גֶעפִילְד אוּנ גֶעווִילְד.
גֶערִיסְט הַארְצְלִיךְ פוּן מִיר, אַייעֶר רֶעגִין דֶעם רַייכִין.
אַלֶע קְוַואלִין אַלֶע בְּרוּנֶעמְם, אַלֶע שְׁפִּיגִילְדִיגֶע טַייכִין.

37

וִויא גִיזוּנְד, אוּנ פְרִישׁ, הִימִיל קְרַייז אִין גַאנְצִין.
גִירִים הַארְצְלִיךְ, דַיינֶע שְׁטֶערִין, וֶועלְכֶע אִין דִיר טַאנְצִין,
דַיין לִיכְטִיגֶע זוּן, דִיא גֶעטְלִיכֶע וֶועלְטְם מַתָּנָה.
דַיין זִילְבֶּערְנֶע, בְּלֵייכְלֶעכֶע, שְׁמֵייכֶעלְדִיגֶע לְבָנָה.

38

וִויא גִיזוּנְד, בְּלָאהֶער וָואלְקִין, דַיינֶע פַאמִילְיֶע גִירִים.
טוֹי, שְׁנֵייא, הָאגִיל, דוּנֶער, בְּלִיץ, אוּנ רֶעגֶענְם פְלִים,
אִיר אַלֶע, וָואס צוּם לֶעבִּין, זַייט גִיוָועז אַמְחַיֶה.
קוּמְט אִיצְט, בֶּעגְלַייט מִיךְ, בְּשַׁיינְט מַיין לְוָיָה.

39

וִייט גִיזוּנְד, בְּלוּמֶען, בְּלִיהוּנְג, בּוּימֶער, אוּנ גְרַאזִין.
וֶועלְכֶע פוּן זִיךְ, נַטַע רֵיחוֹת לַאזִין.

זַייט גִיזוּנְד פֵּייגֶעלִיךְ , אִיר זִינְגֶער שֵׁיינֶע .
זַייט גִיזוּנְד אֵיידֶעלֶע לוּפְטִין , קְלָארֶע אוּנ רֵיינֶע .

40

זַייא גִיזוּנְט פַּייֶער , גְרוֹיסֶער גֶעטְלִיכֶער וואוּנְדֶער .
מִיט וֶועלְכִין , אִיךְ פְּלֶעג מִיךְ פַּארְשַׁפַּארִין בֶּעזוּנְדֶער .
הִיט אַלְטֶע פְרַיינְדְשַׁאפְט , פִיל דוּא וֶועסְט קֶענֶען ,
פְרֵיילִיךְ צוּ קָאפִּין , זָאלְסְטוּ הַיינְט בַּייא מִיר בְּרֶענֶען .

41

זַייט גִיזוּנְד הֵיילִיגֶע סְפָרִים , אוּנ טַייֶערֶע בִּיכֶער .
וֶועלְכֶע פַאר רִיכְטִיגֶע , הָאבּ אִיךְ גִיהַאלְטִין זִיכֶער .
שְׁרַייבּ גִיצַייג , זַייא גִיזוּנְד , טַייֶערֶע פֶּעדֶער אוּנ טִינְט .
וֶועלְכֶע הָאבִּין מִיר עֶרְלִיךְ , מַיין לֶעבֶּענְס צַייט גִידִינְט .

42

זַייט גִיזוּנְט , אַלֶע פְּלֶעצֶע , מַיינֶע לִיבֶּע שְׁפַּאצִיר עֶרְטֶער .
וואוּ אִיךְ פְלֶעג אוֹיסְרֵיידִין , מַיינֶע פֶערְבָּארְגֶענֶע וֶוערְטֶער .
אוּנ אִיר זַייט שְׁטֶענְדִיג גִיוֶועזֶן , מַיינֶע שְׁטִילֶע עֵדוּת .
הַיינְט עֶרְלוֹיבּ אִיךְ אַייךְ , אוֹיס זָאגִין מַיינֶע סוֹדוֹת .

43

וֶוער עֶס גִיפִינְט זִיךְ נָאר . אִין אַלֶע וֶועלְט בְּרֶענְגְ׳ן .
גִירִיסְט אַלֶעמֶען פְרַיינְדְלִיךְ , פוּן מַיינְט וֶועגִין .

וואנט

זָאגְט אַז איךְ הָאבּ זַייא , מִיט טְרֶערִין דֶער מָאנְט .
אוֹיךְ יֶענֶע , וָואס אִיךְ הָאבּ זַייא , גָאר נִיט גִיקָאנְט .

44

פֶערְצִיג מָאל הָאבּ אִיךְ גִיזֶעהֶען , אִי דָאס אִיז אַסַךְ .
וִויא וִוינְטֶער , מִיט זוּמֶער, הָאבִּין אִיבֶּר גִיבִּיטִין דִיא וַואךְ.
דֶער צְווִישִׁין , אָסִינְס וָועסֶנְעס, זַייֶער שֵׁיינֶע קַארְטִינֶעס .
יֶעדֶע צַייט , הָאט זִיךְ , אִירֶע תְּנוּעוֹת , אִירֶע מִינֶעס .

45

אִיךְ מוּז זִיךְ זֶעגֶענֶען , מִיט דִיא לִיבֶּע פִיר צַייטִין .
מֶער וָועל אִיךְ נִיט זֶעהֶען , וִויא זַייא וָועלִין זִיךְ בַּייטִין .
וִויא דִיא נַאטוּר שְׁפִּילְט , וִויא דִיא צַייט אִירְט .
וְויא דִיא זוּן בַּאקְט,וִויא דָאס אַייז פְרִירְט .

46

נִיט מִיר וָועט מָארְגִין , דֶער לִיבֶּער טָאג בַּאגִינֶען .
דִיא זוּן , וָועט מִיךְ מָארְגִין , אוֹיפִין בֶּעטִיל , נִיט גִיפִינֶען.
מִיר וָועט מָארְגִין , דִיא וָועלְט , נִיט לַאבֶּען אַנְטְקֶעגִין .
דִיא גְרוּבּ וָוערְט מָארְגִין , מַיין גַאנְץ פֶערְמֶעגִין .

47

בַּאלְד וָוערְט מַיין טָאג שֵׁיין, פֶערְצִיהֶען אַדוּנְקְלֶער נֶעבִּיל .
דִיא גְרוּבּ, וָוערְט מַיין שְׁטוּבּ . שְׁטִיקֶער עֶרְד,אִיר מֶעבִּיל .

אירע

אירֶע שְׁפִּיגְלֶען , דֶער חֹשֶׁךְ , דִיא פֵּייגֶעלֶעךְ דִיא וֶוערִים .
אוּנ דִיא גוּטֶע רֵיחוֹת , מַיינֶע אינְגֶעוַוייד , אוּנ גִידֶערִים .

48

גִיט פִּיל נִיט שׁוֹין , אִין בֶּעטִיל מִיר צוּא לִיגִין .
בֶּעט גִיוַואנְט אִין קֶבֶר , אִיז נִיט צוּ קְרִיגִין .
עֶס ווילְט זִיךְ נִיט , עֶס סוֹידֶערְט דָאס לַייבּ .
בְּלַייבִּין אָן פְּרַיינְד , אָן קִינְדֶער , אָן וַוייבּ .

49

זַייט גִיזוּנְד אַלֶע קְלֵיינִיקַייטִין , מִיט וֶועלְכֶע אִיךְ פְּלֶעג שְׁפִּילִי
זַייט גִיזוּנְד מֶעבִּיל , צִירוּנְג , מַיין בִּיסִיל עֶטְלִיכֶע גִילִין .
זַייט גִיזוּנְד כְּלֵי בַּיִת , זַייט גִיזוּנְד שֵׁיינֶע פָּארְטְרַייעֶן .
זַייט גִיזוּנְד שְׁטוּמֶע פֶּערְגְנִיגֶענְס , וֶועלְכֶע נִישְׁט פַארְשְׁטַייעֶן .

50

זַייא גִיזוּנְד וֶועלְט אִין גַאנְצִין , אוּנ יֶעדֶע זַאךְ בִּזוּנֶדֶער .
נָאךְ אַמָאל זַייט גִיזוּנְד , פְרַיינְד וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער .
שֵׁיינֶע הִימְלֶען , שֵׁיינֶע עֶרְד , זַייט גִיזוּנְט זַייט גִיזוּנְט .
נאךְ אַמָאל זַייט גִיזוּנְד , סְפָרִים , בִּיכֶער , פֶּעדֶער , טִינְט .

---

## צום מלאך המות

51

פוּן דֶער וֶועלְט , אִיי יֶענֶער , פִּירְסְטוּ דאס אָרִיבֶּער .
איידער

אײדער גײן מיט דיר, איז לעבן שױן ליבער.
דײן גאנג דורך דער ערד, קען אויך ניט גיפעלין
אבעסערע װעג דארף מען, אהין מתים צו צו שטעלין:

52

װאס דארפסטו דיא קברים, דיא גריבער טאלין,
װאס נוצין דיא װערים, װאס טויגין דיא גאלין,
נעם, אונ בריינג גלייך, אין דעם אײביגין ארט
װאו דער מענטש דארף שוין בלײבין דארט.

53

װאס דארפסטו דײנע שלוחים, װײטיגין אונ קרײנקען?
דײנע רופאים, דײנע דאקטורים, װאלט מען אויך שײנקען.
אי זײערע פלעשעלעך גארציצע שפאנישע פליגין,
זײא זאגין, זײא העלפין, עס איז אבער ליגין.

54

דער הערסטו אשרעק, אפערקילונג, אאיבעריגין ביסין.
שיקסטו שוין אידיעה, אונ לאזט הארצליך גיריסין.
אחלירע, אקראנטין, אפיבער עפעס אקדחת.
דא איז דײן פארגניגין, אט האסטו נחת.

55

פאר דיר בײזער שרה! בעקלערינדיג איז אשרעק
לייגט

לייגט דער גרעסטער העלד, זיין גיוועהר אוועק.
דער קארגער זיין בייטיל, דיא חכמה איר לוין.
דער פארליבטער זיין ליבע, דער קעניג זיין קרוין.

56

דוא ביסט טאקי דא, ציא איך פאנטזיר,
איך זעה דיך טאקי, ציא עס דוכט זיך מיר,
וידוי זאגין דארף איך, אויף אוויילע טרעט אפ.
אז דוא ביסט דער ביא, איז גיט קלאר דער קאפ.

---

## וידוי פאר גאט ב״ה

57

אן מיין ידיעה, האסטו מיך אהער גיבראכט.
נעמסט מיך היינט צו, איך האב גאר ניט גיטראכט
דוא נאר, ניט מיר, ווייסט וואס דוא טוסט.
טוסט וואש דוא ווילסט, גיט וואס דוא מוזט.

58

וועטען מער וויא דיר, בין איך באקאנט,
שטענדיג האסטו מיך, גיפירט פארין האנט.
האסט מיר גישיינט, דורך קליינע שפאלטין.
האסט גיטראפין, צו אנעפיהל ניט אקאלטין.

אסת

59

אֶמֶת , הויפְנַוויים , הָאבּ איך עֲבֵרות גִישׁאַרְט .
שְׁלֶעכְטשׁ אויף שְׁלֶעכְטשׁ , הָאבּ איך גִישְׁפַּארְט .
גִיקְרָאכִין אַלְץ גִידֶעריגֶער , אַרָאפּ אוּנ אַרָאפּ .
וֶוייגֶער הָאבּ אִיךְ הָאר , אֵיידֶער עֲבֵרות אויפִין קָאפּ .

60

אִין נַארִישְׁקֵייט הָאבּ אִיךְ , מַיינֶע יָארִין פַארְבְּרַאכְט .
וֶועגִין דֶעם תַּכְלִית , הָאבּ אִיךְ וַויינִיג גִידַאכְט .
אַלֶס אִיז פַארְצֵייכִינְט , גָאר נִישְׁט פַאר גֶעסִין .
וואו גִילֶעגִין , גִישְׁטַאנֶען , וואו גִינַאנְגֶען , גִיזֶעסִין .

61

קֶענְסְט מִיר אַלְץ טָאן , אִיךְ בִּין זֵייעֶר וֶוערְט .
אָבֶּער אַז אִיךְ וִויל , קְלֶער אִיךְ פַאר קֶערְט .
אֶמֶת מִיט זִינְד , דַארְף מֶען זִיךְ שֶׁעמֶען .
טַאקִי דוּא בִּיסְט גִירֶעכְט , נָאר אַנְטְקֶעגִין וֶועמֶען .

62

אַנְטְקֶעגִין אַזֶעלְכִין , וָואשׁ אָט וֶוערְט , אָט שְׁטַארְבְּט .
גִיוִויקִילְט אִין חֹשֶׁךְ , דורְךְ שְׁוַוארְץ גִיפַארְבְּט .
הויט אוּנ בֵּיינֶער , דֶער צוּ אַבִּיסִיל הָאר .

אדערין

אָדֶערִין , אִינְגֶעוֵויד , אוּנ אָט דָאס , אִיז נָאר .

63

אִיךְ וֵויס זֵייעֶר גוּט , וָואסֶער אַגוּטֶער דוּא בִּיסְט ,
פָּאר מֶעק , פַאר קְלֶעק , הָאב צוּ מִיר נִישְׁט .
קוּק דוּרְךְ דִיא פִּינְגֶער , לָאז דוּרְךְ אַנְדֶערֶע זַאכִין .
אִיךְ וֵויס דוּא קֶענְסְט , כְּלֹא יָדַע זִיךְ מַאכִין .

64

צִיא אוּמְשְׁטֶענְדֶע זַיינֶען וֵוינִיג , צִיא בְּלוּט אִיז נִיט רוֹיט ,
אוּנ אַזוֹ אַוֶועלְט , לִיגְט אוֹיס גִיצוֹיגִין , אִין דֶער בְּרֵייט .
אוֹיף דֶער עֶרְד , ווא דֶער מֶענְטְשׁ לֶעבְּט ,
וֶוערִין מַלְאָכִים , פוּן הִימֶעל , אוֹיךְ פַאר גְרֶעבְּט .

65

דִיא וָועלְט אִיז גְרוֹיס , דִיא תַאֲוָה נָאךְ גְרֶעסֶער .
פִּיל עֶס אִיז גוּט , וִוילְט זִיךְ אַלְץ בֶּעסֶער .
גִיקְנֶעטִין אוֹיף תַאֲוָה , גִיבַּאקְט אוֹיף הֵייסֶע קוֹילִין .
פוּן וָואס , דַארְף מֶען דִיר , נִיט דֶער צֵיילִין .

66

נִיט אִיךְ מֵיין חָלִילָה , מַעֲשִׂים רָעִים פַאר גְלֶעמִין .
אבִיסיל פַארְקְלֶענֶערִין זֵייא , מֵיין אִיךְ נָאר בָּעטִין .

דיא

דיא וועֶרְטֶער, זַיינֶען כִּמְעַט נִיט מֵיינֶע.
אַל תָּבֹא בְּמִשְׁפָּט, אִיז אַגַאנְץ אַלְטֶע טַעֲנָה.

67

אִיךְ זָאג, וָואשׁ אִיז, פוּן אַלְטֶע גִיבְּלִיבִּין.
זָכוּר כִּי עָפָר אֲנָחְנוּ, שְׁטֵייט לַאנג שׁוֹין גִישְׁרִיבִּין.
מִיט דָוִדִין, זָאג אִיךְ, בְּעָוֹן חוֹלָלְתִּי, אִין אֵיינֶעם.
מִיט אִיוֹבִין, מִי יִתֵּן טָהוֹר, נִישְׁטָא אַמֶענְטְשִׁין אַרֵיינֶעם

68

פוּן דֶעסְט וֶועגִין, בֶּעט אִיךְ דִיךְ, סְלִיחָה וּמְחִילָה.
טְאמֶער הָאבּ אִיךְ דָא אַגְרוֹיסִין טָעוּת חָלִילָה.
פְּסוּקִים זַיינֶען וַוייךְ, לָאזִין זִיךְ גְרִינְג בֵּייגִין.
אִיטְלִיכֶער קוּקְט זֵייא אָן, מִיט זַיינֶע אוֹיגִין.

69

גְלִיקְלִיךְ אִיז דֶער וָואס הָאט גִיצֵיילְט זַיינֶע טְרִיט.
גְלִיקְלִיךְ, וָוער עֶס הָאט זַיין צוּנְג, פוּן שְׁלֶעכְץ גִיהִיט.
גְלִיקְלִיךְ, וָוער עֶס הָאט אוֹיף קֵיינֶעם, קֵיין שְׁלֶעכְץ גִיטְרַאכְט.
גְלִיקְלִיךְ, וָוער אִין פְרוּמְקֵייט, הָאט זַיין לֶעבִּין פַארְבְּרַאכְט.

70

גְלִיקְלִיךְ, וָוער עֶס הָאט גִיוואוּסְט תָּמִיד זַיין אָרְט.
גְלִיקְלִיךְ, וָוער עֶס הָאט קֵיינֶעם נִיט אָן גִירִירְט, מִיט אַוָוארְט.

גְלִיקְלִיךְ, װער עס האט זַיינֶע תַּאֲוֹות פַאר בֵּייגִין.
אוּנ איז, מִיט זַיינֶע גִידַאנְקֶען צוּ דִיר אַרוֹיף גִיפְלוֹיגִין.

71

פוּן אַזֶעלְכֶע גְלִיקִין, בִּין אִיךְ וַוייט גִישְׁטַאנֶען.
אִיצְט בֶּעקוּמֶען זַייא, אִיז נִישְׁטָא פוּן וַואנֶען,
אִין גִימַיינְהַייטִין, הָאבּ אִיךְ פֶּערְצֶערְט מַיין לֶעבִּין.
אוֹיף דִיר הָאף אִיךְ, מַיינֶע זִינְד, מִיךְ פַאר גֶעבִּין.

72

הָאסְט מִיט מִיר גִיטָאן, וָואס דוּא הָאסְט גִיוָואלְט,
גַאנְץ אָפְט גִישְׁטְרָאפְט גַאנְץ אָפְט גִיצָאלְט.
אִין דַיינֶע פִיל טוֹבוֹת, הָאבּ אִיךְ זִיךְ גִיבָּאדִין,
אַטוֹיזִינְט חֵלֶק, בִּין אִיךְ נִיט װערְט, פוּן דַיינֶע גִינָאדִין.

73

אַבְרָהָם יַעֲקב אוּנְזֶערֶע אָבוֹת. דָוִד אוּנְזֶער מֶלֶךְ.
װעלְכֶע הָאבִּין גִידַארְפְט, זַיין זִיכֶער אוּנ פְרֵיילִיךְ,
פוּן דֶעסְט װעגִין, אִי זַייא אַלֵיין אֲפִילוּ,
הָאבִּין אוֹיךְ גִיקְלֶערְט, טָאמֶער נֵיין חָלִילָה.

74

הַיינְט װער אִיז אִין שְׁטַאנְד, קְלֶערִין װעגִין זִיךְ.
בִּפְרַט אַװערִימִיל, אַפְלִיג, אַקְלֵיין מִילְבֶּעלֶע, וִויא אִיךְ.
מייז

מַיין טֵייל, וָואס קוּמְט, הָאבּ אִיךְ אָפּ גֵינוּמֶען מִיט פְּרָאצֶענְט,
אִיצְט אִיז מַיין עוה״ב, נָאר אָן דַיין חֶסֶד גִיוָועגְט.

75

קוּמֶען, קוּמְט מִיר נִיט מֶער קֵיין גִיצָאלְט,
הָאסְט מִיךְ בֶּעהַאנְדִילְט וְויא אִיךְ הָאבּ אַלֵיין גִיוָואלְט,
אִיצְט, הָאף אִיךְ נָאר אוֹיף דַיין גוּטְצַקֵייט אֲדֹנָי,
שְׁלֶעכְט עֶפֶּעס וָועט מִיר, בְּרִידֶער אָי אָי:

76

נַא דִיר אִין הַאנְד, אַלְץ וָואס אִיךְ הָאבּ,
טוּא וָואס דוּא ווִילְסְט, בַּאלוֹין צוּ בַּאגְרָאבּ,
אִיךְ פֶערְזִיכֶער זִיךְ, אוֹיף דִיר לִיבֶּער גָאט,
אַז—אַח שְׁלֶעכְט וָועט, צוּא נִיט אָט.

77

אַז דַיין הַאנְדְוָוערק, וֶועסְטוּ נִיט פַאר נִיכְטִין,
אוֹיפִין נַייֶעם הִימְלִישִׁין לֶעבִּין, דַארְף מֶען זִיךְ רִיכְטִין,
אַז צוּ זִיךְ, וָועסְטוּ נֶעמֶען, מַיין נְשָׁמָה גָאט,
גִיבֶער הִיט צוּא, וָוארוּם אָ—ט אָ—א אָ—ט.

ברוך דין האמת, ברוך דין האמת:

